IMPRESO EN LA ARGENTINA

PRINTED IN ARGENTINA

J. HORN

# EN NUESTRA GENERACION
## (In Unzer Dor)

Antes y después de Treblinka
en la canción judía.

אדרעס פון מחבר:
J. HORN, Viamonte 2148 - Buenos Aires, Argentina

פּאָעטן זיינען די פאַרשאַרפטע חושים ביי אַ פאָלק. און לידער, ווי עכט, ווי שטאַרק און ווי פאַרפאָעטישט זיי זאָלן ניט זיין, קאָנען זיי אָבער אויך דינען ווי פּשוטע דאָקומענטן פון דער צייט — זיין עדות פון אַ דור.

דער פראַנצויזישער שרייבער מאַלראָ האָט אָנגערופן אונדזער קעגנוואַרט „די צייט פון פאַראַכטונג". איז דאָס שוין אַלץ? נאָר נישט געדאַנקט, די קינסטלער און די געשיכטע־שרייבער וועלן שוין מסתמא ווען עס איז אויסגעפינען אַ קלינג־פּראָזע, וואָס וועט אויסדריקן אַלע ליידן, פּיינען און קאַמפן, וואָס אונדזער דור איז אויסגעשטאַנען.

הייַלן מיט אַ פּראָזע די ווונדן פון אונדזער פאָלק קאָנען מיר טאַקע נישט, אָבער אַזוי איז שוין: אין שווערע צייטן, אפילו ווען די געמיטער זענען פאַרגאָסן מיט בלוט, זוכט מען אַ טרייסט־וואָרט אין ביכער. אונדזערע טאַטעס, אין די אַלטע היימען, פלעגן זיך פאַרטיפן אין ספרים און מיר, זייערע קינדער, זוכן אַ טרייסט־וואָרט, אַ גייסטיקן אָנהאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען מיר יינגלעך אין יידישן שטעטל אין פּוילן, הונגעריקע און אָפּט אָן שיך אויף די פיס, געזעסן און געלערנט יידישע ליטעראַטור, און געחזרט לידער און פּאָעמעס אויף אויסנווייניק. די קלאַסיקער, די „יונגע" פון צפון אַמעריקע, די נייע שרייבער פון פּוילן, פון רוסלאַנד. אַלע צוזאַמען האָבן זיי אַריינגעגאָסן זאַפט אין אונדזער לעבן, אָנגעצונדן אונדזערע געמיטער און געגעבן אונדז האָפענונג.

שפּעטער, ווען מיר זענען פאַרגאַנגען אין יונגטלעכער פאַרחלומט־

# י. האַרן

קייט און געפּירט ליבעס, איז עס תמיד געווען מיט יידיש וואָרט אין מויל, מיט א יידיש ליד אויף די ליפּן.

אָ, ווי גוט עס איז א ליטעראַטור, ווען זי האָט אין אירע פאָדער־שטע רייען א לייענער־מחנה, וואָס פירט נאָך ליבעס. איך דערמאָן זיך מיט וויפל הארץ און נשמה מיין רבינס מיידל, מלכה־לאה, פלעגט ביים קעמען זיך די האָר, זינגען ז. סעגאַלאָוויטשעס „שיין איז רייזעלע דעם שוחטס" און אנדערע לידער. וויפל לידער פון יידישע פּאָעטן עס האָט אין אונדזער שטוב אויסגעזונגען מיין שוועסטער, פּערל. מיט אָט דער זעלבער פרייָדיקער פארחלומטקייט זינגען אויך היינט די יידישע מיידלעך אינעם בוענאָס איירעסער הויף, וווּ איך וווין. זיי זינגען שוין אָבער נישט קיין יידיש. זיי זינגען „די גרינע לבנה", „איך קאָן די ליבע — זי איז ערלעך", „ביזט מיר שולדיק א קוש" א. א. נאָך מער: אונדזער יוגנט ווייסט גאָרנישט, אַז ס'איז פאַראַן א יידישע ליטעראַטור אויף דער וועלט און אַז דאָ נישט לאַנג האָט מען זיך אין ווארשע, אין לאָדזש, אין ביאַ־ליסטאָק, מעזריטש, קרושניעוויץ, לובלין א. א. געליבט און געקושט אויף יידיש.

יאָ, היינט דערגייט עס שוין דערצו, אַז דער דיכטער יעקב גלאַט־שטיין אין ניו יאָרק איז מקנא ש. האלקינען, אין וועמעס בוך „ערדישע ווענן", וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע אין 1945. זענען נאָך פאַראַן לידער פון יוגנטלעכקייט און פון צעגליטער ליבע. האָבן דען די לידער פון אברהם רייזין, מאָריס ראָזנפעלד, באָווּשאָווער, ווינטשעווסקי א. א., וואָס פלעגן געזונגען ווערן אין ווארשטאַטן, אין פאַבריקן און אויף יידישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, ווייניק איינגעוואָרצלט דאָס יידישע ליד ביים יידישן מאַסן־מענטש?

היינט איז אונדז, יידישע מענטשן, נישט גוט, אָבער נאָך ביטערער איז דער יידישער ליטעראַטור. עס טריקנט חלילה נישט דער יידישער שאַפונגס־קוואַל. דווקא שרייבט מען „לעצטנס" ביי אונדז אַזוי שיין און שטאַרק, נאָר עפּעס זענען די הענט פון דער יידישער ליטעראַטור אַזוי ווי אַראָפּגעלאָזט.

יידיש באַדאַרף א יוגנט. נאָך מער: יידיש באַדאַרף א לאַנד. יידיש

# אין אונדזער דור

ווערט ארויסגעשטויסן, געטריבן, נישט דערשאצט און אונדזער פּאָעזיע וואַרגט זיך אין איינזאַמקייט.

די יידן אין פּוילן זענען אומגעבראַכט געוואָרן און די יידישע יוגנט אין די אַמעריקעס האָט דאָס קול פון יידיש נישט דערהערט און די זאַפטן פון יידיש לעת עתה נישט דערשפּירט. ניין, אונדזער יוגנט אין די אַמע־ריקעס ווייסט גאָרנישט וויפל זינען אונדזער ליטעראַטור פאַרמאָגט און וויפל נאַציאָנאַלן כוח עס האָט די יידישע פּאָעזיע.

דער יידישער דור פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות, וואָס האָט זיך דערצויגן אין פּוילן, איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן הויפּטזעכלעך אויף דער יידישער ליטעראַטור, און אַלע זאַפטן האָט ער אין איר געפונען. און נישט נאָר ביי מענדעלע מוכר ספרים, ווי עס האָבן געשריבן דוד פריש־מאַן און ז. שניאור, קאָן מען זען יידיש לעבן מיט אַלע פּיטשעווקעס און אפילו דערגיין וואָס יידן האָבן געגעסן שבת ביי מיטיק, נאָר אין אונ־דזער ליטעראַטור, ביז די סאַמע יינגסטע, איז באמת פאַראַן פון „פויגל־מילך". ווו נאָך קאָנען מיר געפינען אַזאַ פול בילד פונעם פאַרגאַנגענעם יידישן לעבן, ווי אין דער יידישער ליטעראַטור?

אונדזערע היימען, די געסלעך, שטעט, שטעטלעך, שבתים, יום־טובים; אונדזערע זיידעס, טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, קינדער; זייער אויסזען און זייער הלבשה. פעלדער, וועגן, דערפער, שאָסייען און אפילו טייכן.

אָט זינגט מ. גרוסמאַן וועגן „בוג":

„אַזאַ שיינער טייך דער בוג
און מיט זאַמדן מיט גענוג,
און מיט פעלזן זיינען רייך
ביידע ברעגן פונעם טייך.

דאָרט ביי אַ ברעג אַזוינעם,
מיט צוויי טויבן אויפן קוימען,
צווישן בוימער ווי געהיים —
שטיל געשטאַנען איז מיין היים."

## י. האָרן

חדרים, בתי־מדרשים, פאַבריקן. פאַרייִנען — אַלץ, אַלץ איז באַשריבן און פאַראייביקט.

רבנים, רביים, חסידים, אַרבעטער, סוחרים, לערער, מעקלער, קלעז־מאָרים, קצבים, ווילע יינגען, האַלב און גאַנץ אונטערוועלט. און איצט, וווּ זיינען די פרויען־געשטאַלטן אין אונדזער ליטעראַטור? ווו ערגעץ נאָך קאָן מען אַזוי דערשפּירן אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע בענק־שאַפטן און האָפענונגען, ווי אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום אַזאַ ברייטן וועלט־שטח. כמעט וועגן יעדער אָפּצווייג פון אונדזער לעבן קאָן מען דאָך מיט מאַטעריאַלן פון דער יידישער ליטעראַטור צונויפמענ־שטעלן אַן אַנטאָלאָגיע.

אָט, איז אין 1946, דערשינען אין ניו יאָרק אַן „אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּראָזע אין פּוילן" פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות. איז עס דען נישט אַ טראָפּן אין ים? אַז בלויז פון אונדזער פּאָעזיע אַליין קאָנען מיר אויפשטעלן גאַנצע וועלטן.

מ'שרייבט ביי אונדז גאַנץ אָפט וועגן לידער, אָבער גיבן מיר זיך חשבון, וואָס אַלץ עס ליגט פאַרבאַהאַלטן אין דער נייער יידישער פּאָ־עזיע? ווי שיין עס איז, למשל, דאָס געזאַנג פון אונדזער שטאָט און שטעטל דורכן מויל פון אונדזערע פּאָעטן.

ה. לייוויק זינגט פון זיין איהומען. יעקב גלאַטשטיין וועגן „קאָנ־סקאָוואָליע, מזלבאָזשיע, קאָזשעניצע, לעווערטאָוו, פּולאַווע און בעכאָווע, גליסק, פּינסק און שאַבעשין". משה קולבאַק האָט אַזוי וווּנדערלעך באַ־שריבן רייסן, און משה לייב האַלפּערן האָט אַזוי שאַרף געשילדערט זלאָטשאָוו.

„אָ, זלאָטשאָוו, דו מיין היים, מיין שטאָט
מיט דיין קלויסטער שפּיץ און שול און באָד,
און מיט דיינע זיצערקעס אויפן מאַרק".

און מאַני לייב האָט געדיכטעט וועגן זיין ערשטער ליבע:

„אין ניעזשין, אין אַ שטילער, גרינער הינטערגעסל,

## אין אונדזער דור

האָט אויף דער פּרישער קאָרע פון אַ יינגער ווערבע
אַ יינגל מיט אַ מעסערל טיף אויסגעשניטן:
„ליובליו" — דאָס וואָרט דאָס זיסע פון זיין ערשטער ליבע."

און וווּ איז אברהם רייזין מיט זיין שטעטל? ער זינגט:

„כ'קום אַריין אין קלויז אין אַלטן —
אַך, ווי טרויריק, טריב און דונקעל!
ליידיק אַלע בענק, — דער שמש
דרימלט שטיל נאָר אין ווינקל.

ווו־זשע זענען די בחורים
ביי די גמרות, מיט דעם ניגון,
וואָס ער פלעגט מיר די נשמה
דאָ דערהויבן, דאָ פערוויגן?"

און ווייטער זינגט א. רייזין:

„וואָגלען, פלאַגלען זיך אין גלות
אין דעם לאַנגן, אין דעם וויסטן,
אין די קלעצקערס, בעלזנערס קינדער
זענען, רופט מען עס בונדיסטן.

טראָגן אַלע רויטע העמדלעך,
שווער פאַר יודען זיי דערקאָנען;
און פאַרווילט זיך זיי גאָר פלוצלינג,
לאָזט מען זיך אין גאַס מיט פאָהנען...

און עס ווערט א „שמחת תורה"...
ווילסט זיך זעען מיט זיי, — טאָ הערטזשע
גיי אַריבער יעדן אָוונט,
דאָרט אַהינצו, אויף דער „בערזשע"...

(א. רייזין, ערשטער באַנד געזאַמלטע לידער)

## י. האַרן

ז. סעגאַלאָוויטש האָט באַזונגען „קאַזשמיערזש" „די ליניע וואַרשע־גדאַנסק, וואָס גייט איבער זיין דאָך אויף נאַוואָליפּיע גאַס און גאַסן נאָך אַ סך".

און דער דיכטער קלמן ליס האָט געזונגען וועגן „לוצקער טראַקט":

„די אַלטע ווערבעס, נישט גערירטע,
בלויז ווי נישט ווי אַ צווייג פאַרדאַרט.
די זעלבע רויט מיל די גווירטע,
וואָס האָט דאָס שטעטל אָפּגענאַרט."

און ברוך אַליצקי האָט געשריבן וועגן „מאַיאָווע באַגינענס אין זיין שטעטעלע טריסק". דער דיכטער חיים סעמיאַטיצקי האָט ליריש געזונגען וועגן זיין „שטיבל, וואָס איז פון קיילעכדיקע סאָסנע־קלעצער, ווו אויפן שטרויענעם דאַך נעכטיקט, אַן איינזאַמער, דער ווינט". מ. א. קנאַפּהיים האָט געשאַפן אַ גרויסע פּאָעמע וועגן וואַרשעווער אַלטשטאָט, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „מקום".

און דער יינגער דיכטער מאיר סעגאַל, וואָס איז אַלס יינגל אוועקגעפאָרן פון זיין היים, האָט שוין זייענדיק אין ניו יאָרק אָנגעשריבן אזא פיינע שילדערונג פון זיין געבוירן־שטאָט מעזריטש. און דוד פראַם, וואָס איז אוועק קיין אפריקע, האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע וועגן ליטע. און אברהם מאָשקאָוויטש, וואָס איז אַ יינגל געקומען קיין אַרגענטינע, שילדערט דאָס יידישע שטעטל אין אַרגענטינע און דעם שבת אין קאָלאָניע. און אליעזר גרינבערג שרייבט וועגן זיין היים ליפּקאַן. דער דיכטער יעקב גלאַנץ פון מעקסיקע, זינגט וועגן זייערם „אַ כזית ערד" אין דערפל: ניי וויטעבסק. און דער יידישער דיכטער משה קויפמאַן, וואָס איז געקומען אַ יינגל פון גראָדנע קיין אַרגענטינע, זינגט אין דעם גרויסן ב. איירעס וועגן זיין אַלטער היים אָט ווי אַזוי:

„ווייסע, ברייטע שליאַכן לויפן דיר אַנטקעגן,
ביימעלעך פאַרדאַרטע חלומען ביים וועג;
ליגט מיין היים די שטילע מיט איר דאַר פאַרמעגן
ס'פּוילישע ווייס־רוסלאַנד ביז דעם ניעמאַן־ברעג.
וועלדלעך סאָסנאָווע, סאַמעטענע לאָנקעס,
סאַזשעוווקעס און זומפּן איינגעטונקט אין מאָך".

(פון דער פּאָעמע „ערקע פון טאָל")

# אין אונדזער דור

ציטירן לידער פון נאָך יידישע פּאָעטן וועגן אונדזער דורותדיקן לעבן אין שטאָט און שטעטל? איך וויל אינעם אריינפיר־וואָרט בלויז ברענגען אייניקע ביישפּילן, וואָס זאָלן דערגענצן דאָס געזאָגטע. נאָר אום כדי צו פאַרענדיקן די טייל, לאָמיר נאָך ברענגען אַ ליד פון יינגן יידישן דיכטער יוסף רובינשטיין פון פּוילן. אין זיין בוך „מאָדעלן" (דערשינען אין ווארשע, אין 1939) איז פאַראַן אַ שילדערונג פון שבת אויף סמאָטשע גאַס, אַ גאַס אין ווארשע, וואָס איז שיעור נישט געווען אַ יידיש שטעטל פאַר זיך:

„אויפן שילד געפאַרבט אויף געל —
אַ גלאָז, אַ פלעשל קוואַס...
און מיט אַ טרעפל העכער פון דער גאַס —
דער איינגאַנג אין געוועלב.

דאָס פענצטער לאַקט מיט שווייצער־קעז אַקאַפּ,
מיט גלאַנציק אָנגעקרעמטע טשאַסטקעס...
און מיט אַ מיידל קעפּל אין אַ מאַסקע
הענגט אַ באָמבאָניערקע קאָפּ אַראָפּ.

ביי סאַנען אין געוועלב איז שבת אַ יריד:
דער וואַסער־סיפאָן זידט,
חתנים פונדעוועגן די כלות שאָקאָלאַד און קוואַס...
מען עסט, מען טרינקט, מען איילט זיך שנעל אין גאַס,
ביז ליידיק ווערט, אין פענצטער פוסט און פּאַס.

שפּאַצירן פליגן אום אויף בייטן טשאַסטקעס
און מאַכן חן־פינטלעך אין שפּאַס,
אויף ראָזן לייב פון באָמבאָניערע אין אַ מאַסקע.
און נאָר פון דער ראַזורע אויפן שוועל ,
קוקט מיט זשעדנע אויגן צו די טשאַסטקעס דער געזעל".

(יוסף רובינשטיין — שבת אויף סמאָטשע גאַס)

## י. האָרן

ניין, פאַר דער יידישער פּאָעזיע ווערט גאָרנישט פארלוירן. ערשטע פּאָעטישע טריט, קינסטלערישע מיטלמעסיקייט, אָדער גרויסקייט. זאָלן די באַרופענע ליטעראַטור־קריטיקער פּסקענען שאלות וועגן קונסט. מיר ווילט זיך בלויז ברענגען צום אויסדרוק דעם פאַקט, אז אַלע אונדזערע פריידן און ליידן קומען צום אויסדרוק אין יידישן פּאָעטישן שאַפן.

אפילו וועגן ציפּערן, דאָס אינדזל, ווו ענגלאַנד האָט אינטערנירט אַ פּאָר צענדליק טויזנט יידישע עולים, וואָס רייסן זיך קיין ארץ ישראל, האָבן מיר שוין אויך אַ רייע לידער. אין „נייוועלט״ פון תל־אביב איז געווען פארעפנטלעכט צוויי לידער פון ציפּערן, געשריבן פון פעסיא מאַ־יעווסקא. אינעם ליד „אין יענע טעג״ זאָגט זיך:

„ס׳איז די זון דאָן ניט אַנטרונען\
פון דעם בלויען הימל־וועג.\
ניט פארדעקט זי האָט איר פּנים\
ביי דער שאַנד פון יענע טעג,

ווען מען האָט אונדז ווילד פאַרטריבן\
פון דעם אויסגעבענקטן ברעג —\
ווען פון דראָטן שטעכעדיקע\
אויסגעשטעלט אויף אונדזער וועג.

אָ, איר דראָטן, שוואַרצע שדים\
מיט די נעגל שאַרף פאַרבויגן,\
איר האָט, דראָטן, נאָך אין געטאָ\
אויסגעשטאָכן מיר די אויגן. — —

נאָר דעם הימל האָט דער שונא\
ניט געקענט פאַר מיר פאַרצוימען.\
הויב איך אויף זיך איבער דראָטן,\
שפּרייז איך אין די הימל־רוימען״.

## אין אונדזער דור

און יעקב פלעק פון ציפערן, שרייבט אין „געצעלטן" פון זומער 1947:

„עס קלאַפּט דער ווינט אין פענצטער
פון מיין צעלט:
— שטיי אויף!
ס'האָבן פינגער בלוטיקע
געקריצט אויף דיינע ווענט
אַ ליד — וואָס ברענט,
אַ ליד — וואָס קרייצט זיך
ביים ראַנד פון ציפערן-נאַכט
מיט שאַקאַלן קלאַג
און ביים שאַריען
פון אַ הפקר־טאָג!..."

און פאַרוואָס נישט ברענגען „דאָס ליד פון „עקזאָדוס"", וואָס עס האָט אָנגעשריבן איינער פון די אנטיילנעמער אין דער עקזאָדוס עפּאָפּייע — יצחק פערלאָוו.

אָט זע איך איצט פאַר מיינע אויגן דעם הויכן, שלאַנקן שוואַרצן בחור פון פּאָדליאַשע, יצחק פערלאָוו, ווי ער זיצט אין גרויסן זאַל פון יידישן שרייבער פאַריין אין וואַרשע, אויף טלאָמאַצקע 13 און רויכערט אַ ליולקע. געוועזן איז ער דעמאָלט אַן אָנהייבער, נאָר צוליב זיין אויסזען האָבן אים אַלע גערופן: דער יינגער סעגאַלאָוויטש. „פּלוצים" איז פערלאָוו געקומען מיט א בוך „עקזאָדוס 1947", אין וועלכן ער זינגט:

1

זאָל הערן די וועלט, זאָל זי גאַפן פאַרוווּנדערט
און פלאַקערן זאָל ווי אַ פלאַם:
דאָס ליד פון מעפּילים, פיר טויזנט פינף הונדערט,
וואָס קעמפן אויף כוואַליעס פון ים.

עס קומט פון גיהנום,

י. האַרן

פון גאַז און פון האַס,
דער ייד פון עקזאָדוס,
יציאת ת׳ש׳ז.
ער גייט צו באַפרייונג,
צום היימלאַנד, צום ברעג,
קיין ארץ ישראל
צו ליכטיקע טעג.

2

ערשט נעכטן אַרויס פון היטלערס אַשוויענטשיס
און קוים שוין דערגרייכט צו דעם ברעג: —
פאַריאָגט הינטער קראַטן צוריק אָט די מענטשן,
אין שווימענדע תפיסות האָט דזשעק.

3

זיי רויק מיין־פאָלק! דיינע זין, דיינע טעכטער,
הינטער די קראַטן פאַרשפאַרט,
שיצן דיין כבוד מיט העלדנמוט עכטער —
מעפּילים — דיין אַוואַנגאַרד!

4

אויף דייטשער ערד דאָ, מיר שווערן, מיר שווערן:
דערטראָגן מיט שטאָלץ אונדזער פאָן!
אַ היימלאַנד, דו וועסט אונדזער טראָט נאָך דערהערן,
דעם זינגענדן טראָט, וואָס זאָגט אָן:

עס קומט פון גיהנום,
פון גאַז און פון האַס,

# אין אונדזער דור

דער ייד פון עקזאָדוס,
יציאת ת׳ש״ז.
ער גייט צו באַפרייונג,
צום היימלאַנד, צום ברעג,
קיין ארץ ישראל
צו ליכטיקע טעג.״

(„וואָכנבלאַט״, פון דער שארית הפליטה אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד, 30־טער יאנואר 1948).

אין ניו־יאָרק האָבן יידישע פּאָעטן און ליטעראַטור־קריטיקער זיך געאַמפּערט, צי מעגן מיר האָבן קינסטלערישע הנאה פון לידער וועגן אונדזער פּיין און צי האָט דאָס געשריי וועגן פארניכטונג בכלל, וועלכע עס איז פרעציזקייט און ריטם?

יידישע פּאָעטן האָבן אָבער, סיי פריער און סיי שפּעטער, נישט אויפגעהערט אַרויסצוברענגען זייערע איבערלעבונגען און טראַכטענישן וועגן דעם אָנקום פון חורבן און אומקום פון מיליאָנען יידן. דורך דער יידישער פּאָעזיע האָבן מיר דעריבער אַ מעגלעכקייט (מער ווי דורך טויזנטער אַרטיקלען) צו דערשפּירן די צייט, אין וועלכער מיר לעבן. ווי אַזוי זשע האָט די יידישע פּאָעזיע געזען די בלוטיקע הימלען, וואָס זיינען געהאָנגען איבער אונדזערע קעפּ? און ווי אַזוי האָבן יידישע פּאָעטן באַנומען דעם שטורעם פון פאַרניכטונג, וואָס האָט זיך אויף אונדז געיאָגט?

לאָמיר זשע מיט דער הילף פון יידישע לידער, געשאַפן פון אונדזערע פּאָעטן אין אַ רייע לענדער, פּרווון אַרומנעמען די פינצטערע צייט פאַר אונדזער פאָלק, די צייט פון ערב־און נאָך־טרעבלינקע.

די היסטאָריקער אונדזערע קלויבן די דאָקומענטן פון אונדזער גרויסן חורבן, די לעבנגעבליבענע אין די געטאָס און די יידן אין די לאַגערן פארצייכענען זייערע איבערלעבונגען, שרייבער שרייבן־אויף די געשיכטע פון זייערע אומגעקומענע היימען, דיכטער נאָגן אוים פון זיך דעם לעצטן וויי און די יידישע פרעסע אין דער גאָרער וועלט איז פול מיט געוויין אויף אונדזער פאָלקס־בראָך.

יזכור.

די דייטשן האָבן פארטיליקט זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע. גע־שאָכטן, געשאָסן און געברענט אין די קאלך־אויוונס פון די טרעבלינקעס, מיידאנעקס, אָשוויענטשימס און אנדערע מאָרד־פאבריקן. פון אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן די מערדער געמאכט אש און רויך און אונ־דזערע היימען האָבן זיי חרוב ונחרב געמאכט.

יאנקל וויערניק — דער באשרייבער פון טרעבלינקע — דערציילט, אז „יידן זענען געגאנגען אין גאז־אויוון אריין מיט קללות, מיט געביילטע פויסטן, מיט געשרייען: אוי וויי, מאמע! עס זענען אָבער אויך געגאנגען יידן מיט שמע ישראל, מיט הלל. און טייל זענען געגאנגען מיט אן אָנזאָג צו די לעבנגעבליבענע: געדענקט מיין יאָרצייט!” חוץ דער מוראדיקער נאַ־ציאָנאַלער קאטאסטראָפע, וואָס אונדזער פאָלק האָט געליטן, איז יעדער פון אונדז אן אבל. עס שטיקט אונדז א וויסטער אומעט, פון וועלכן מיר וועלן זיך אפשר שוין קיינמאָל נישט באפרייען, הגם די פאָרגעקומענע ווידערשטאנדן און קאמפן פון אונדזערע ברידער אין די געטאָס, שטארקן אונדזערע געמיטער.

די שבועה פון דער שארית הפליטה איז טאקע:

## י. האָרן

„איך הויב אויף מיין האַנט
און שווער:
קיין טרעבלינקע —
גיי איך ניט מער".

ענדערן דעם צושטאַנד קען עס אָבער פּאָרט נישט, ווייל „מיטן אומ־קום פון פּוילישן יידנטום, ווי עס האָט ריכטיק געזאָגט א. צייטלין — האָט ביי אונדזער פאָלק געפּלאַצט דאָס הארץ".

אין פּוילן לעבן היינט אפילו נישט קיין הונדערט טויזנט אידן. אין אונדזערע אמאָליקע יידישע היימען אין פּוילן טאַנצן הייסט עס אָרום שדים.

הינטער די חורבות ליגן נאָך טויטע; אפילו די בית־עלמינס זענען נאָך נישט פאַרצוימט.

וואָס זשע זענען מיר נאָך דעם, ווי די יידן אין פּוילן זענען פאַרניכטעט געוואָרן?

„אָן פּוילן — שרייבט א. מענעס — וואָלט שוין לאַנג מער נישט גע־ווען קיין יידיש פאָלק. עס וואָלטן אין בעסטן פאַל פארבליבן צעוואָר־פענע רעשטלעך יידן, אָבער אָן גרויסע שעפערישע כוחות און אָן נאַציאָ־נאַלע אמביציעס".

ווער איז איבערהויפּט — פרעגט דער דיכטער אהרן צייטלין אין זיינס אן אימפּראָוויזאציע — דאָס פאָלק ישראל אצינדער?

„ווער זענען יעקבס קינדער?
יידן פון שטרומא און פון טרעבלינקע,
יידן פון קאָלכאָזיוונס, יידן פון שיפן,
יידן פון פלאַם און פון אָפּגרונט דעם טיפן,
יידן פון וואַסער און יידן פון פייער —
דאָס איז ישראל, ישראל דער נייער".

קרוב א מיליאָן פון אונדזערע לעבנגעבליבענע יידן אין איירָאָפּע מוזן אָנקומען נאָך שטיצע און קאָנען אליין זייער ברויט נישט פאַרדינען.

# אין אונדזער דור

און די לעבנגעבליבענע יידן שטעלן פאַר מיט זיך צעשאָטענעביינער פון ברייט־דורותדיק פאַרצווייגטע יידישע פאַמיליעס. די מענטשן זענען עלנט, אָרעם, צעבראָכן און פול מיט ווייסטע קאָשמאַרן. ווי שרייבט בונם צוקער פון בריסל אין זיין „דו״

„מאָרגן וועט די הילף שוין קומען.
איז וואָס־זשע ווייסטו נאָך אַצינד?
כ׳וועל דיר קויפן ראָזע בלומען,
ווען וועסטו אָפּנעמען דאָס קינד.

וועסט מער נישט דאַרפן זיין באַהאַלטן,
זיך אויך נישט שרעקן טאָג און נאַכט,
פאַר די ברוינע גרויל געשטאַלטן,
וואָס דער טייוול האָט פאַרטראַכט״.

(„צוקונפט״, סעפטעמבער 1948)

קאָנען מיר דען אפילו פאַרשטיין, וואָס זיי, די לעבנגעבליבענע, לעבן איבער און ווי שווידערלעך עס זענען זייערע שלאָפלאָזע נעכט? מיינע פריינט, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פאַרלוירן זייערע פרויען און קינדער און געזען דעם רויך פון די ברען־אויוונס, ווו זייערע נאָענטע זענען פאַרברענט געוואָרן, האָבן מיר דערציילט, אַז זיי ווערן אין די נעכט געפּייניקט פון מוראדיקע חלומות און זיי הייבן זיך אויף האַלב־טויטע פון די געלעגערס. אַ פּאָר הונדערט טויזנט פון אונדזערע שארית הפליטה געפינען זיך נאָך אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע און ציפּערן — ווער מיט אויסגעברענטע נומערן אין לייב און ווער נישט, אָבער אַלע מיט בלוטיקע ווונדן אין הארצן. אַלע רייסן זיך פון די לאַגערן, ווי פון אַ תפיסה. זיי ווילן אַוועק, זיך צוטוליען צו נאָענטע, צו פריינט. צוריק האָבן אַן אייגענע היים, איז געוואָרן אַ גרויסער חלום. נאָר וואָס קאָנען מיר יידן פון די אמעריקעס דען פאַרשטיין פון וואָס אַ יידישער פּליט חלומט?

כמעט אַלע ווילן כאָטש נאָך איינמאָל אַ קוק טון אויף דער אַלטער

## י. האַרן

היים און זען, צי איז טאקע פון אַלעם גאָרנישט נעבליבן. ווער עס לייענט אויפמערקזאם די אנאָנסן אין די יידישע צייט־שריפטן, וואָס דערשיינען אין די לאַגערן און אין די חרובע היימען, יענעם כאַפּט ארום א וויס־טער שווידער. שוין דריי יאָר ווי די מלחמה איז פארענדיקט און אונ־דזערע געפייניקטע ברידער האָפן נאָך אַלץ, אז ווער פון די פארברענטע וועלן לעבעדיק ווערן. לאָמיר ווי א ביישפּיל נאָך ברענגען פאָלגנדיקן אנאָנס פון „דאָס נייע לעבן" אין פוילן.

„איך זוך מיין קינד רעניא הערשבערג, אַלט 6 יאָר, געווען לעצטע וואָך פון דער באפרייונג אין אָשוויענטשימער לאַגער, אויף דער האַנט געהאַט דעם נומער 15477 א."

י. מאניק לעדערמאַן פון חיפה, שילדערט א מחנה נישט דערברענטע קינדער:

„א מחנה קינדער — זקנימלעך.\
איעדעם קינד — אַ ריטל,\
מיט בליק, מיט אויסגעליטענעם,\
וואָס קוקט אויף אַלץ מיט ביטול...

אויף פראגע, וווּנדיקער: „פונוואַנען?"\
הייבט איינער אויף, אַ שטומער,\
דעם אָרעם זיינעם און ער ווייזט:\
„אָט טוט אַ קוק דעם נומער..."

און כ'זע, ס'איז נומער שאַנד־און־גרויל,\
ס'איז נומער וויי־און־ווינד דאָרט, —\
אַ נומער, איינגעברענט אין לייב:\
איין הונדערט, טויזנט הונדערט!

# אין אונדזער דור

— און הונדערט טויזנט ניינציק ניין
ווו זיינען הינגעקומען?"
— „פאַר יעדן קאָפּ אַ ציגאַרעט
דער הענקער האָט גענומען!

— און דאָ, — זאָג איך, — קומט־אָן ניט לייכט
די ערד פון שלאָף צו וועקן...
טוט צווייטער מיט דער האַנט אַ מאַך:
— וואָס קען אונדז דען נאָך שרעקן?..

— נישטאָ, קיין איינער צווישן אונדז,
אַ דריטער וויל דערזאָגן, —
וואָס זאָל נישט האָבן אין זיין לייב
א ביקסן־קויל געטראָגן...

— נו, אויב איר רעדט פון ביקסן־קויל, —
אַ פערטער שמייכלט ביטער,
צעבראָסטנדיק דאָס העמדל זיינס, —
איז האַלט איך שוין ביי דריטער...

אָט איז די ערשטע דאָ... איר זעט?
ס'איז סתם אַזוי באַצאָלעכץ
פאַר גנבענען, — וואָס מיינט איר: וואָס? —
אַ פּאָר קאַרטאָפל־שאָלעכץ...

די צווייטע קויל — אָן אָנדענק מיר
אין אָט דער האַנט (מיין לינקע),
ווען כ'בין אין חושך פון דער נאַכט
אַנטלאָפן פון טרעבלינקע.

## י. האַרן

און דריטן קויל אין קאָפּ... נו יאָ...
געטאָן כ׳האָב אַ פאַרירשע
צוזאַמען שוין מיט לעצטיקן
קאַפּיטל „געטאָ וואַרשע״...

(„אַ מחנה קינדער״ — „צוקונפט״, סעפטעמבער 1948)

יידן פון די געטאָס, פון די בונקערס, פון די וועלדער, פון די קאַצעט־לאַגערן — וויפל זיי האָבן עס צו דערציילן. און זייער בענקשאַפט צום יידישן וואָרט, שוין זייענדיק ביי די טירן פון די טויטן־לאַגערן, האָבן מיר שוין יאָ אויסגעמאָסטן? ווי אַזוי אַ פּשוט יידיש טעאַטער־לידל: „בעלז״ איז איינמאָל אין אַ נאַכט, אין אַ דייטשן לאַגער פון אלעמען אויסגעברומט געוואָרן שיעור נישט ווי תפילה. מיט וויפל פרייד יידישע יונגעליים האָבן זיך נאָך דער באַפרייאונג צוגעכאַפּט צו אַ יידיש בוך און צו אַ יידיש ליד.

און דער עיקר: די לעבנגעבליבענע האָבן פאַרלאָרן די מורא פאַרן טויט, די שרעק פאַר ליידן, פאַר הונגער און תפיסה. מ׳רייסט זיך דורך גרעניצן, מ׳גייט אין פייער אריין, אבי צו זיין פריי. ווער עס רייסט זיך קיין ארץ ישראל און ווער עס וויל אין די אמעריקעס און אין אנדערע לענדער, ווו עס געפינען זיך זייערע קרובים.

אָט שילדערט די יידישע דיכטערן קאַדיע מאָלאָדאָווסקי דאָס רייסן זיך פון אונדזערע געפייניקטע ברידער קיין ארץ ישראל:

אַ שיף — אַ מולטער, אין פיינען געגליטע,
פירט אַ זכר פון פוילן, אַ רעשטל פון ליטע.
אַ געפּרוּווטער דער רודער, קען ברעכן אַ קריע,
עס לויכט אים פון וויטן דער באַרג פון מוריה.
אם אין אני לי —
מי לי?
זינגט דער רודער.
אַ ייד פון קאָוונע זאָגט אים נאָך.
„איך האָב אַ טרער

# אין אונדזער דור

אַן אײנציקע באַהאַלטן.
חצי לי, וחצי לך״.

עס שווימט ווינד און ווי פון וואַרשע און בערדיטשעוו,
עס וואַרפט דער שוים א תליה אויף א תליה.
מען גנבעט דעם ים. דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן.
עס לויכט פון וויַיטן דער באַרג פון מוריה.
אם אין אני לי —
מי לי?
זינגט דער רודער.
אַ בריסקער יינגל
זאָגט אים נאָך:
„מיט אַנאַגאַן
מיין לעבן אָפּגעוואויגן,
חצי לי, וחצי לך״.
ווי פרעמדע זעלנער, געלערנט אויף רציחה,
באַפאַלן כוואַליעס די מולטער ווי אַ שטאָט.
ס׳איז קריג. די שיף איז אויסגעלאָשן.
עס לויכט פון וויַיטן איר אַ לעמפּל פון עין חרוד.
אם אין אני לי —
מי לי
רופן די ברעגן.
און דער רודער
ברומט זיי נאָך:
„איך האָב אַ האָפענונג
אַן אײנציקע געכאַוועט,
חצי לי, וחצי לך״.

(„אונדזער שיף״, „אידישער קעמפער״, ניו־יאָרק, אפּריל 1947)

אַ נישט אָנגעשריבן ליד איז די „קליינע עליה״, וואָס גייט פון די לאַגערן אין די אמעריקאַנער לענדער.

# י. האָרן

די טויערן פון אַלע לענדער זענען פאַרמאכט און אונדזערע לעבנ־געבליבענע ציען אַהין מיט גלי אין הארצן. חדשים וואַלגערן זיי זיך אין די פּאַרט־שטעט, און שפּעטער די אויסערגעוויינלעכע יסורים ביז זיי קו־מען אָן צו זייערע קרובים, אָפּט צו אַזעלכע וועמען זיי קאָנען אפילו נישט, אָבער תמיד מיט אַ האָפענונג אָנצוהייבן פון דאָס ניי.

צעבראָכענע און צעפּייניקטע טראָגן זיך אונדזערע פּליטים איבער פרעמדע שטעט און לענדער און זוכן רו און אָרט צו לעבן און מעגלעכ־קייטן צו ארבעטן און שאפן.

די „קליינע עליה" גיט זיי צו טרינקען שרעק און פּיין אלס צולאָג צו זייער איבערגעלעבטן בלוטיקן שטורעם. וועלן די געראטעוועטע פון תליות און פון גאז־קאמערן, קינדער פון חורבן, געפינען אביסל רו? אָדער די וועלט און הויפּטזעכלעך אונדזער דור, וועט זיין באנקראָט? ווי זינגט דוד איינהאָרן: א גאנצער דור איז פארשאָלטן פון גאָט. א טיגער־דור מיט הערצער הארט ווי שטיין, זענען מיר.

וואָס אַלץ אונדזער דור האָט עס נישט דורכגעמאַכט און דורכגעפּי־בערט. מיר האָבן געזונגען, געבענקט, געקעמפט און געהאָפט. די וועלט האָט מער ווי עפּעס צוגעזאָגט, און אין דער יידישער סביבה איז אויפ־געגאַנגען גרויסע סאָציאַלע האָפענונג און נאַציאָנאַלע בענקשאַפט.

איך זע איצט פאַר מיינע אויגן די יידישע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן, די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך. די טויזנטער „צוקונפטיסטן" מיט די בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן, ווי זיי מאַרשירן מיט יידיש געזאַנג איבער די גאַסן פון פּוילן. איך זע די הונדערטער ענגע לאָקאַלן פון די „פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַריינען", „קולטור־ליגעס", ביבליאָטעקן, וווּ ס'קומען פאָר רעפעראַטן, דיספּוטן, „מאַסוווקעס". איך זע פאַר זיך די שיינע זומער־לאַגערן פון „צוקונפט" און סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד. איך זע פאַר זיך די מחנות יוגנטלעכע, וואָס זיצן פאַרשפּאַרט אין די תפיסות פאַר זייערע אידעאַלן. איך הער דעם אָפּקלאַנג פון דעם גרויסן קאַמף, וואָס עס איז געפירט געוואָרן אין די יידישע קהילות אין פּוילן, צווישן די יידישע פּאַרטייען און ווי די יידישע סאָציאַליסטן קעמפן פאַר גרעסערע סומעס אין די בודזשעטן, לטובת דער יידישער קולטור.

די אַרטיקלען אין די יידישע צייטונגען און די רעדנער, וואָס פלעגן קומען פון וואַרשע, האָבן אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען „די שווערע צייט, וואָס ליגט זיך ווי אַ פּעטליע אויפן האַלדז". פונ־דעסטוועגן האָט אין האַרץ פון אונדזער דור געפלאַקערט אַ האָפענונג, אַז דאָס לעבן וועט דאָך ווערן גרינגער.

ליידער, זיינען די חלומות פון אונדזער דור נישט מקיום געוואָרן. נישט נאָר זענען די חלומות צערונען געוואָרן, נאָר די בעלי־חלומות זע־נען אומגעבראַכט געוואָרן כמעט ביזן וואָרצל.

## י. האַרן

לאַמיר ביי דער געלעגנהייט ברענגען אַ פּאָר ציטאַטען פון דער יידי־שער פּאָעזיע.

דער דיכטער פון „יונג ווילנע״ א. סוצקעווער, האָט אין זיינס א ליד, פאַרעפנטלעכט אין 1937, אַזוי געזונגען:

„נישט קיין פּאַווע איז דיין דור, אַ ברודער,
נאָר זון פאַרגאַנג אויף שטורעם-האָריזאָנט.
קוק זיך איין די וואָלקנס רונד־אַרום —
דאָס זענען די אילוזיעס פול מיט גרויל,
וואָס שאַרן זיך, ווי זעלנער אויפן פראָנט.

ס'איז מעסערדיקע וואָר.
פון אַלטע דעכער
פליען אָפּ די שטערן —
קינדער היימלאָזע;
און הערן,
ווי עס פיבערט שטומערהייט אַ דור.
אַ דור פון קעמפער, זינגער און פאַרברעכער
איינגעפלאָכטן אַלע אין איין קנופּ״.

און דער דיכטער דוד איינהאָרן זאָגט אין זיין בוך „אב הרחמים״, וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק, אין 1943, וועגן אונדזער דור אָט וואָס:

„אַ גאָט, פאַרוואָס בין איך געבוירן
און צוגערעכנט צו אַזאַ מין דור,
וואָס שניידט אויף זיינע פעלדער בלויז דעם דאָרן,
נאָך לאַנגער מי און שווערע אַרבעטס יאָרן?

„און אפשר — פרעגט צום סוף דער דיכטער: —

## אין אונדזער דור

„האָבן מיר ניט טיף געגראָבן,
און אפשר זענען פויל געווען די זוימען,
ניט דאָס פארזייט, וואָס אונדזער ערד דארף האָבן,
ניט יענע האָפענונג, ניט יענע טרוימען?"

און אליעזר גרינבערג — אין זיין „די לאַנגע נאַכט", דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1946, זעט אונדזער דור אָט ווי אַזוי:

„אָ דור מיין דור, אין שטויב צעשמעטערט
פארשוועכטע ליגן דיינע לוחות:
און איינגעקנוילט אין קנוילן חושך
געשפענסטער פאָרן זיך מיט רוחות.
און אויף די טמא שייטערהויפנס —
פאַרגייען דיינע הייליקייטן".

און אין אַ צווייט ליד זאָגט דער מחבר אַזוי:

„מיר זענען אויפגעגאַן אין אַ וועלט פון ליגן און פאַראַט,
און צווישן איין קאַטאַסטראָפע און אַ צווייטער
איז דער טויט געווען אונדזער שטענדיקער באַגלייטער!
און אונדזער זון פאַרגאַנג — אַן אָפּגייענדיקע שיף אין טייכן בלוט".

און דער דיכטער מנחם באָריישאַ אין זיין „חשבון אויפן אש", ווו ער רעדט וועגן אַ וויזיע פון אַ דור, זיצנדיק אויפן אש פון ווארשעווער געטאָ, זאָגט צווישן אנדערס:

„אַן עלנט הייפל הייזער זענען מיר
צעשפרייט איבער אַ גרויסן קאָנטינענט,
און וואָס איז אונדזערס — ווי אַ ווינטערדיקע זון
ביי ראַנדן שנייאיקע דערברענט.

...אלע פעדים פון מיין שורש ברענען

## י. האַרן

און איך ווי אין אַ לאָזשע פון אַ צירק, זיץ אונטער שוץ פון אַקעאַן
און קוק אַראָפּ אויף דער אַרענע.
עס ברענט אַ קאָנטינענט. פון אויפגעקראַכטע קראַטערס
צעכוואַליעט זיך אַ לאַווע אַ צעפלוישטע
פון רוויקער רציחה קעגן מיר און מיין געביין,
איך צייל און צייל די עדהם קדושים".

און דער מחבר פרעגט:

„ווער זאָל מיר ענטפערן, אז ערד און הימל
איז אויסגעפילט מיט מיר,
און איבער אַלץ אין מיר און אויסער מיר
איך, איינציקער, געוועלטיק און רעגיר?
דאָס איז געווען די תורה פון מיין דור: די גאַנצע וועלט
איז בלויז אַן אויסשפרייטונג פון דיר, דעם עולם קטן,
און אַלץ אין איר אין צייט און רוים —
די תהומען און די הימלען, די מחבלים און די נאָטן —
ס'איז אַלץ פון דיר".

(„אידישער קעמפער", אפריל 1947)

דער דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי זעט אין זיין ליד „אונדזער דור"
די אַלע, אין ווילנע, ביאַליסטאָק און מינסק, וואָס האָבן זיך

„אָפּגעשיידט פון די טאַטעס,
און אַוועק צו לינקס, —
מיט אַ חלום, מיט אַ נייעם
גאַר די מענטשהייט צו באַפרייען!"

און דער דיכטער פרעגט אין זיין ליד:

„אפשר פאַלשן טרוים געצונדן?

# אין אונדזער דור

ניין און ניין, דער טרויס איז העל!
אין די טעג פון חורבן-ווונדן
דאַרף מען ריין האַלטן די זעל!
מיט דעם טרויס — דעם אַלטן-נייעם
אַלע פעלקער צו באַפרייען!
אונדזער פאָלק אויף בייזע ימען,
האָט גערעדט מיט פעסטער שטים:
— ווער דער גואל זיך פאַרזאַמען,
וועל איך גלויבן אַלץ אין אים — "

און דער דיכטער א. לעיעלעס אין זיין בוך „א ייד אויפן ים", דער־שינען אין ניו יאָרק 1947, זינגט אין זיין ליד „ערשטער מאַי 1943":

„גיט מיר צוריק דעם אַלטן סאָציאַליזם,
דעם סאָציאַליזם פון גרויסן האַרץ און דאָרשטיקער נשמה,
פון ליכטיקער מחשבה און ציכטיקער טאַט,
פון עמוסעס צערנען און מיכהס לערנען,
פון זויבערע זעאונגען, ווי זילבערנע שטראָמען,
פון ישעיהס „והיה באחרים הימים".

גיט מיר צוריק דעם נאַאיוון סאָציאַליזם,
דעם סאָציאַליזם פון גלויבן אין מענטשנס גוטסקייט,
פון עדעלשטאַטס ריינקייט און באָוושעווערס שיינקייט,
פון אמת באַגערן, ווי פרימאָרגנדיקע, זוניקע שירה,
פון ליעסינס, „ס'גייט נישט פאַרלוירן דאָס בלוט פון מאַרטירער".

גיט מיר צוריק דעם מענטשלעכן סאָציאַליזם,
דעם צערטלעכן סאָציאַליזם,
דעם דערבאַרעמדיקן סאָציאַליזם,
דעם סאָציאַליזם, וואָס ווייס נישט פון קיין אַנדער מאַכט,
ווי דעם ערלעכן כישוף-גאַרטל
אַרום מחנות גערעכטע, גלויביקע שוואַכע."

## י. האַרן

און אין אַ צווייט ליד „דור הולך" אינעם זעלבן בוך, זאָגט א. לעיעלעס:

„און ווער עס וויל און מוז, זאָל זיין דער לעצטער,
און זאָל ער אַ באַרוטער און געזעצטער
דערציילן אַלץ פון אונדזער דור,
וואָס האָט געבויט, געחלומט און געליטן,
געפלאַנצט, געזייט מיט יום-טוב און געשניטן
בלויז גרויע, האַרטע וואָך און יאָר.

דער לעצטער וועט זיך וווּנדערן מסתמא,
וואָס אונדזער גאַנג געווען דורך דערנער סאַמע,
נישט קיניג-דרך פון דערפאָלג.
ער וועט אויך וויסן טיפער און גענויער,
אַז נישט פאַרלוירן איז דער צער און טרויער
פון דור, וואָס האָט געזוכט — אַ פאָלק".

אונדזער פאָלק האָט אָבער אַזוי פיל געליטן. איז פאַרוואָס טאַקע נישט שטעלן די זעלבע שאַרפע פראַגע, וואָס עס שטעלט דער דיכטער א. לעיעלעס אין זיין ליד „אַ פוילישער ייד ביים האָדסאָן":

„איז מיין פאָלק דאָס מיסט פאַר דער עפּאָכע?"

די לאגע פון די יידן אין פוילן איז וואס נאענטער צום יאר 1939 געווארן אלץ ערגער און פייניקנדיקער. לאמיר זיך דערמאנען, ווי די פויילישע רעגירונג האט פארבאטן יידישע שחיטה, און טויזנטער יידישע פאמיליעס, וואס האבן זיך באוועגט ארום יידישן פלייש־האנדל, האבן אנגעהויבן אויסגיין, ווי די ליכט. טייל קצבים, העקער און אויפקויפערנס, זענען אנגעקומען צו בעטל־ברויט. אזוי האט די פוילישע רעגירונג געהאנדלט נישט בלויז מיט דער פלייש־בראנזשע, נאר מיט אלע בראנזשעס. יידישע געוועלבן אין פוילן פלעגן באפאלן ווערן פון פוילישע אנטיסעמיטן און סטודענטן פלעגן שטיין ביי יידישע געוועלבן און נישט לאזן אריינגיין קיין פוילישן קונה.

פון דער פוילישער סיים־טריבונע האט דער פרעמיער־מיניסטער סקלאדקאווסקי געגעבן זיין הסכמה צו פירן אן עקאנאמישן טערא קעגן יידן, וואס די אלערליי אנטיסעמיטישע ארגאניזאציעס האבן פינקטלעך אויסגעפירט. יידן האבן אנגעהויבן זיך צו שרעקן צו גיין ביינאכט אין גאס. נאך מער: מ׳האט מורא געהאט ארויסצוגיין ווען די זון האט געשיינט, ווייל פאליאקן און זייערע פרויען האבן אנגעהויבן פראנק און פריי, פאר די אויגן פון דער פאליציי, זיך טשעפען צו יידן און אויף יעדער טריט און שריט האט די פאליציי געמאכט פראטאקאלן קעגן יידן, אז זיי האבן גאר באליידיקט פאליאקן. עס איז אוועק א קליין שטיקל צייט און די פוילישע געריכטן זענען פול געווארן מיט טויזנטער אנקלאגעס קעגן יידן, אז זיי האבן באליידיקט דאס פוילישע פאלק. קורץ: פוילן איז פול געווארן מיט פאגראם־בראנד.

ווי זינגט דער דיכטער יחיאל לערער אין זיין פאעמע „מיין היים״ (דערשינען אין ווארשע 1937):

## י. האָרן

„שווער איז דער וועג פאַר די יידישע קינדער
דורכצוגיין אויף דער פיבערדיקער ערד.
אונדזערע היימישע נעסטן — פון שונא געצונדן
און מיר וואַנדערן היימלאָז און ציילן די וווּנדן!
און פון פאָרנט וואַסער, און פון הינטן פלאַם,
און איבערן קאָפּ די בייטש פון דעם כאַם!
און הונדערטער שרעקנס און טויזנטער גרוילן
און נאָך ערגער פון אַלץ, דאָס אינערלעכע פוילן".

פּאָליאַקן האָבן זיך צעיושעט רוי, גראָב און ווילד. געטריבן יידן פון די דערפער, געפייניקט אין די שטעט, געוואָרפן שטיינער אין יידישע שויבן און אין בתי־מדרשים. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז יידן האָבן זיך געשראָקן צו עסן אין סוכה, נאָר אויף שנעל האָבן זיי אָפּגעכאַפּט דעם קידוש.

דער בעסטער עדות פון אָט דער דערמאָנטער פינצטערער צייט אין פוילן, וועט זיין נאָך אַ ציטאַט פון דער וואונדערבאַרער פּאָעמע פון יחיאל לערער „מיין היים", וואָס איז פּרעמירט געוואָרן פון יידישן פּען־קלוב אין וואַרשע:

„דער אייבערשטער זאָל נאָר העלפן, דאָס וועטער זאָל זיין שיין,
און דעם שכנס שגץ זאָל ניט וואַרפן קיין שטיין
אַזוי ווי פאַראַיאָרן אין סוכהלע אַריין.
עס איז אים פּנחסן, נישט היינט געדאַכט, דער בעכער מיט ווייַן
פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן אין סאַמע מיטן
קידוש. ס'איז נאָך גוט געווען, וואָס גאָט האָט פאַרהיטן.
ווייל דער שטיין איז אַ גרויסער, אַ שווערער געווען,
און ס'איז טאַקע נאָר עפּעס אַ נס געשען,
וואָס ס'האָט קיינעם נישט געשאַדט. נאָר די ליכט און די שפּאָרן
האָבן אַ צאַפּל געטאָן, פאַרלאָשן געוואָרן.
זיין זון, אָט דער, וואָס קעמט זיך איצט און פוצט זיך אַזוי אויס,
איז דער סאַמע ערשטער פון סוכה אַרויס,

## אין אונדזער דור

און רב פּנחס נאָך אים. נאָר אָרום
זעט מען נישט קיינעם. שווייגנדיק און שטום
ליגן די גאַסן מיט די הייזקעס די קליינע;
די לופט אַ שאַרפע, אַ קילע און אַ ריינע;
דער טונקל-בלויער הימל, מיט זילבער באַפּליטערט,
ליגט אין רו — נאָר רב פּנחסעס האַרץ האָט געציטערט".

און פאַר וואָס צו ציטערן איז געווען, ווייל מ'האָט געזען, ווי אַ פאָלק ווערט ווילד. שכנים, מיט ועמען מ'האָט געוווינט אַ טיר און אַ טיר, האָבן אָנגעהויבן גראָב באַליידיקן יידישע פרויען און שלאָגן יידישע קינדער.

ווי אַזוי זשע ווערט דאָס אָפּגעשפּיגלט אין יידישן ליד?

דער דיכטער בער שנאַפּער, פון גאַליציע, וואָס האָט אַ רייע יאָרן פון פאַר סעפּטעמבער 1939, געוואוינט אין ווארשע, האָט פארעפנטלעכט אין יענע טעג זיין: „ליד צו אַ שטעקן", וואָס האָט געמאַכט אַן אומגע-הויערן רושם. ער זינגט:

„דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן קוים —
געווען ביזטו צווייג! געווען ביזטו בוים!
געווען ביזטו האַנט פון אַ בוים, וואָס האָט
תפילה געטאָן צו אַ בוימישן גאָט!...

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן נאָך —
געווען ביזטו שאָטן איבער וואלדישן מאָך!
געווען ביזטו נעסט פאַר אַ פויגל אין שטורם —
און געווען ביזטו שפּייז פאַר דעם מינדעסטן וואָרם!

דו, וואָס נעכטן, ערשט נעכטן קוים —
געווען ביזטו היים! געווען ביזטו טרוים
פאַר אַ היימלאָזן גייער, וואָס קניט און פאַלט
אַ מידער אַוועק —ביים ראַנד פון אַ וואַלד!

## י. האַרן

איך האָב דיך געזעען היינט — אין דיין גאַנצער געוואַלט!!
איך האָב דיך געזעען היינט פאַרוואַנדלט אין גראָב —
זיך הייבן איבער אַ מענטשלעכן קאָפּ!
איך האָב דיך געזעען היינט צעפּאַכעט און רוי —
זיך הייבן איבער אַ קאָפּ פון אַ פרוי!
איך האָב דיך געזעען היינט צעיוכעט און בלינד —
זיך הייבן איבער אַ קעפּל פון... קינד!..

איך האָב דיך געזעען היינט, אָ! איך האָב דיך געזעען
אין האַנט פון אַ יונג מיט אַ שאַרף און עמבלעם — —
אין האַנט פון אַ יונג, וואָס זיין נאָמען איז — מענטש!
וואָס זיין נאָמען איז נעכטן געוועזן נאָך מענטש!..

איך האָב דיך געזעען היינט פאַרקראַמפּט אין דער האַנט
פון דעם דאָזיקן יינג —
וואָס „זיינס" איז דער פּאַרק! און „זיינס" — דאָס לאַנד!
און וואָס ער נאָר ער —
האָט אַ רעכט צו באַוואוינען די דאָזיקע ערד!
און ער נאָר בלויז —
האָט אַ רעכט אויף אַ היים!
האָט אַ רעכט אויף אַ הויז!..

איך האָב דיך געזען אַזוי פרעך און אַנטבלויזט,
צעפּאַכעט און בלינד, צעיוכעט און גראָב —
זיך הייבן אַרויף און זיך לאָזן אַראָפּ!..
און זיך לאָזן אַריבער אַ מענטשלעכן קאָפּ —
פון איינעם, אַ קליינעם, צעשראָקענעם ייד!..
דו וואָס דיין נאָמען געווען איז ערשט נעכטן נאָך —
צוויט!

און וואָס האָסט אַזוי גיך, איבער קאָפּ פון אַ ייד,
אין האַנט פון אַ יונג, אין אַ גרוייזאמער האַנט,

# אין אונדזער דור

פאַרגעסן פון וואַנען און וועמען דו שטאַמסט — —
און אַז נעכטן נאָך האָסטו געקנאַספּעט און געבליט!..
און אַז נעכטן, אָ! נעכטן ערשט קוים —
געווען ביזטו צווייג, געווען ביזטו בוים!...

(פון בוך „בלאָע ווערטער", דערשינען אין וואַרשע 1937)

איך דערמאָן זיך אַ פּאַרנאַכט, ווען אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקע 13, זענען אַרום בער שנאַפּערן געשטאַנען: דער יינגער יידיש־פּוילישער דיכטער משה שימעל, די מאָלערן גאַלע סעקשטיין און זיי האָבן אים ב. שנאַפּערן געדריקט די הענט פאַר זיינס אַ ליד און ער ב. שנאַפּער, מיטן גאָלן קאָפּ און גראָבע ליפּן, האָט אַ גערירטער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אין יענער צייט האָבן יידישע אָרגאַניזאַציעס אָנגעהויבן גרינדן שול־גרופּעס און יידישע יינגעלייט האָבן אויף איבערפאַלן געענטפערט מיט קלעפּ. אין דער יידישער סביבה האָט אָבער געברויזט און געקאָכט. ווער עס האָט געהאַלטן, אַז אַקטיווער ווידערשטאַנד וועט פאַרשווענקען די פּאָגראָם־כוואַליע, און ווער עס האָט געהאַלטן, אַז יידן זענען פרעמדע און זיי מוזן אַוועק פון פּוילן.

די יידישע דיכטונג, וואָס איז זייער פילבאַר צו אונדזער לעבן, גייט אָבער אויך דעם דאָזיקן מאָמענט נישט פאַרביי. און דווקא אַן אָנפאַנגער, פון אַ שטעטל נעבן וואַרשע, דער יינגער יאָסל גראָסבאַרד, האָט פאַר־עפנטלעכט אין דער וואַרשעווער „נייע פאָלקסצייטונג" אַ ליד: „דאָ".

„ווער וועט וואַגן מיר צו זאָגן ביזט אַ פרעמדער
אין דעם לאַנד
ווו אַלץ איז אַזוי נאָענט — אַן אייגענע האַנט,
ווו דער הימל, דאָס פעלד און דער פליין
רינט אין מיין געמיט,
איז אַ טייל פון מיין געביין,
ווו נישט נאָר אויף דער וואָר
נאָר אויך אין מיין חלום, זע איך אַזוי קלאָר:

## י. האַרן

די זילבערנע וועלן אין לבנהדיקן שיין
ווו ס׳גיסט זיך דער בוג מיט דעם נאַרעוו
צוזאמען אַריין.
ווער קאָן אַרויסרייסן די בענקשאַפט, צו מיין
אָרט דאָ. צו מיין קאַנט?
ווער וועט וואַגן מיר צו זאָגן ביזט אַ פרעמדער
אין דעם לאנד".

די אָנפאַלן אויף יידן האָבן אָבער אלץ נישט אויפגעהערט. יידיש האָב און גוטס איז געוואָרן הפקר. דער הונגער אין יידישע הייזער וואקסט און אין די גרויסע שטעט מערן זיך די צאָל יידישע זעלבסטמאָרדן. די יידישע קליינהענדלער פארלירן די מעגלעכקייט צו האנדלען און זייערע קינדער דערזעען זיך אין אַ וועלט, וואָס גייט אונטער. יידישע געוועלבן גייען אונטער און גאסן־הענדלער ווערן פשוט ראבירט.

אָט, האָט דער ייִנגער יידישער אַרבעטער־דיכטער פון ווארשע, דער בלייכער, נידעריקער י. ל. קאָהן, וואָס פלעגט יעדן טאָג, מיטיק־צייט, אריינקומען אין „אַרבעטער־ווינקל" אין ווארשע, אויף פּזשעיאזד 9, פאַר־עפנטלעכט אין דער „נייער פאָלקסצייטונג" אַ ליד „צום סטראַגאַן", וואו עס זאָגט זיך צווישן אנדערם:

„אָרעמער סטראגאַן
דו וואָס ביזט היינט אויסגעשטעלט אויף הפקר
פאַר יעדן כוליגאַן.
מיט דיין אָרעם ביסל סחורה
אין הוילע אַלטע ברעטער איינגעקלעמט,
ווי אַ קראַנקער אויסגעדאַרטער גוף
אין אַ פויערישׁ לייוונטענעם העמד;
דו וואָס ביז נישט לאַנג האָט מען דיך געהאַלטן
אין אַ זייט,
פאַרשטויסן, אָפּגעזונדערט, פאַרפרעמדט,
ווי אַ קבצן אין אַ חשובער משפחה

# אין אונדזער דור

מיט וועמען מען האָט זיך געשעמט;
דו וואָס ביזט געווען באַדעקט מיט שפּאָט,
מיט שאַנד,
וואָס ביזט געוועזן בזיון פאַרן לאַנד
דו ביזט היינט דער העלד פון טאָג.
און מען קוקט אויף דיר, ווי אויף א צינגל פון דער וואָג,
ווו עס וויגט זיך אַ טייערער בריליאַנט.
וואָס שימערט און וואָס בלענדט —
אַלע בליקן זענען היינט נאָר צו דיר געווענדט...
אָרעמער סטראַגאַן!
וואָס באַזיצן דיך האָט געהייסן זיין אַ געמיינער מאַן
און דער ייד וואָס איז דורות לאַנג געגאַנגען
אין דיין שפּאַן,
אָפּגעריסן און פאַריאָגט,
פון ערד, פון אַקער, פון פאַבריק,
ווי פון אַ געזונטן קערפּער — אַ לעבעדיק גליד;
אויסגעוואָרצלט, אויסגעפּליקט,
ווי אַ לעבעדיק געוויקס פון קוואַל פון לעבנסזאַפט;
און געצוימט זיין שאַפונגס קראַפט;
וואָס איז דיר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט,
זיך געשלעפּט מיט דיר פון יריד אויף יריד
מיט אַ טונקל שווער געמיט,
דיך געפּלעגט
ווי אַ ציטערדיק קינד דיך אויסגעהיט
און אויף דיין שוואַכן געביין
אָנגעשפּאַרט זיין טרויעריקן זיין.
אָט דער ייד,
איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ טויגעניכטס
אַ פּוליאַק, אַ שווינדלער, אַ פּאַראַזיט
און אויסגעלאַכט געווען פון דער גאַנצער וועלט
היינט באַזיצן דיך אָרעמער סטראַגאַן —

## י. האָרן

הייסט זיין אַ נאַציאָנאַלער העלד.
סטראַגאַן אָן וועגט
אָן פונדאַמענט, פון שטריקלעך און פון האָלץ".

יאָ, ביי אַ פּשוטן סטראַגאַן, ביי אַ יידיש געוועלבל, ווו ס'איז מער נישט געווען ווי אַ פּאָר בינטעלעך „קין", אַ גאַנשער נאפט, אַ פּאָר אייזערנע טעפּ און עטלעכע צענדליק „בילקעס" קאַלך, פלעגן אַפט פאַרקומען געשלעגן, ווו יידישע יינגעלייט האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן. אויסער די אָנפאַלן אויף יידן, האָט די שטייערן־שרויף געפּרעסט, און פאַר שטייערן פלעגן די עקזעקוטאָרן צונעמען ביים יידן אַ לעצטע קישן און די שבתדיקע קאַפּאָטע.

איז, ווי זינגט דער דיכטער י. פּאַפּיערניקאָוו פון ארץ ישראל, וואָס קומט צוגאַסט אין זיין וואַרשע:

„כ'האָב די היים נישט דערקענט
און נישט קיינעם אין איר,
נישט דערקענט שוין די וועגט
נישט די שוועל, נישט די טיר.

אָפּגעשינדן איז אַלץ
און פאַרשוואַרצט און פאַרגרויט;
ווי געוואָרגן ביים האַלדז
וואָלט דאָ יעדן די נויט.

גייען אַלע אָרום
ווי נשרפים אין הויז
און דער צער יעדנס, שטום
קוקט פון אויגן אַרויס.

און דערציילט ווי פאַרשעמט,
אויף אַן אָרעמער שפּראַך
אַז — דאָס לייב האָט קיין העמד
און דער קאָפּ, נישט קיין דאַך;

## אין אונדזער דור

אוּן קיין קישן — דאָס בעט
וווּ מען ליגט און מען וואַכט
און מ'חלומט פון זעט
פאַרן הונגער פון אַכט — — — —

(פון „אנוווקס", תל אביב, 1938)

דאָס אַלץ שטעלט נאָך אָבער פּאָרט נישט פּאָר מיט זיך, וואָס ייִדן אין פּוילן האָבן דעמאָלט איבערגעלעבט, ווייל יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. איז ווער נאָך, ווי די ייִדישע דיכטונג גיט אַזוי טריי איבער דאָס שוידערלעכע בילד פון יענער צייט?

דער דיכטער פון „יונג־ווילנע", חיים גראַדע, וואָס איז דעמאָלט נאָר וואָס באַרימט געוואָרן מיט זיין בוך „יאָ" האָט אין דער ווארשעווער „נייע פאָלקסצייטונג" פון דעצעמבער 1938, פאַרעפנטלעכט אַ ליד „דער נאַרעוו", אין וועלכער ער זינגט אַזוי:

„דער נאַרעוו איז אַרויס אויף אונדז פון זיינע ברעגן,
אין ערב פרילינגדיקע טעג,
מיר זענען איינגעטוליעטע, ווי שאָף אין ווינט און רעגן,
אין גרעסטן שטורעם ביי זיין ברוסט געלעגן —
איצט מוזן מיר אַוועק...

אַ, פאַרשווּנקט האָט אונדז דער נאַרעוו
ער האָט דאָך אונדז אין זיינע וואַסערן געבאָדן,
און יעדן קינד זיין בלוי אַוועקגעשענקט, —
מיט וואָס זשע האָבן מיר אים ביזן אָפּגרונט אויפגעזאָדן?
אַז ער האָט אונדזער היים פון באָדן
פּלוצלינג אָפּגעשווענקט...

אַ, פאַרשווּנקט האָט אונדז דער נאַרעוו
ער האָט אין אונדזער הארץ אַריינגעלאַכט — און נאָך אין וויגל
האָבן מיר געהאַט זיין פרייד־געזאַנג,

## י. האַרן

מיר האָבן אין פרימאָרגן איבער אים אַרומגעפליגלט,
איצט בלוטיקט אין זיין בלויען שפיגל
אונדזער זון־פאַרגאַנג...

אָ, פאַרשווענק אונדז מער נישט נאַרעוו.
ווי אונדזערע פאַרשווענקטע היימען זיינען איינגעבראָכן,
און צעשפּאָלטן
די מצבֿות אויפן פעלד,
פאַרוואָקסענע מיט ווילד־גראָז, ווי די טויטע וואָלטן,
ווי מיר אַליין פאַרשעמטע, און פאַרשאָלטן,
די געזיכטער זיך פאַרשטעלט...

אָ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו
געשטאָרבענע, מיר בעטן אייך מחילה פאַר דער שענדונג,
און מיר באַשווערן אייך,
געהייליקטע דורך ליבשאַפט, הונדערט יעריקע לעגענדן:
לאָזט זיך נישט פאַרשווענדן און פאַרלענדן
פון דעם אויפגעברויזטן טייך...

אָ, פאַרשווענק אונדז מער נישט נאַרעוו.
פאַרוואָס ביזטו אויף אונדז אַזאַ דערצאָרנטער, אַן אויפגעברויזטער?
ס'איז אונדזער שול דאָך אַלט
אַזוי פיל ווי דער ישוב דאָ, — אַן עדות איז דער קלויסטער!
און דער אַרומיקער געקרויזטער
אַלטער וואַלד...

אָ, פאַרשווענקט האָט אונדז דער נאַרעוו
ווי קענען מיר פאַרגעסן אונדזער הימל, און די אַלטע היימען?
דער מאַמעס שלאָף־ליד ביי דער וויג,
דאָס האַרץ, דאָס אָפּגענאַרטע הערט נישט אויף צו טרוימען,

### אין אונדזער דור

אַז דו וועסט איינשטילן זיך, און פאַרצוימען
אין דיין בעט צוריק...
אַ, פאַרשווענק אונדז מער נישט נאַרעוו."

וואָס זשע האָבן יידן אין פוילן דעמאָלט געטראַכט און ווי האָט בכלל דעמאָלט אויסגעזען זייער געמיט־צושטאַנד?

דאַרף מען דען אַ בעסערן עדות, ווי דעם יינגן יידישן דיכטער, דעם זון פון וואָלין, קלמן ליס? אַמאָל האָט ער געזונגען וועגן „היי־שניט", וועגן „וויאָסנע, וואָס פאַרגיסט אים מיט בלוי" און וועגן „אַ קנאָספּ, וואָס גייט אויפפּלאַצן". אָבער סוף 1938 האָט אין וואַרשעווער „היינט" קלמן ליס פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע ליד:

„און איך בין שטאָלץ דערמיט,
וואָס כ'בין אַ ייד.
כאָטש כ'פיל, ווי ס'צילט דער שונא מיר אין האַרץ —
אַ שפּאַרבער מיט זיין שנאָבל ברוינלעך־שוואַרץ
און כ'זע, ווי ס'רוקט זיך אויף מיין שטאַם
אַ מיטלאַלטער — ברענענדיקער פלאַם,
וואָס האָט אויפסניי פאַרבענקט זיך נאָך מיין הויט
נאָך מיין געביין און בלוט מיט צינגער רויט.

יאָ, איך בין שטאָלץ דערמיט
וואָס כ'בין אַ ייד.
איך פיל נאָך שטאַרקער ווי אַמאָל אַצינד
דאָס בלוט אין מיינע אָדערן, וואָס רינט,
פון מיינע זיידעס, עלטער־זיידעס ווייט,
געפּייניקטע אין מיטלאַלטער־צייט,
געפירט מיט תפילות, קטורתן אויף טרעפּ
צו שייטער־הויפנס — אָבער מיט די קעפּ
פאַרריסן שטאָלץ אַרויף, און זאָלן פיינט,
ווי אַמאָל פון האַס, אויך פלאַצן היינט

## י. האַרן

אונ נישט דערלעבן מיך צו זען מיט קאָפּ
געבראָכענעם געבויגענעם אַראָפּ...

און איך בין שטאָלץ דערמיט,
וואָס כ׳בין אַ ייד.
כאָטש ס׳איז מיט צער פאַרצויגן מיין געמיט
און ס׳קלאַפּט דאָס הארץ, עס שלאָגט זיך אין דער ברוסט —
— אַ פויגל אַ פאַרוווּנדעטער אין גראָז —
פאַר מיינע ברידער, שוועסטער, טאַטעס, זין,
געררודפטע אין נירענבערג און ווין,
אין דאַנציג און אין רוים,
ווייל ס׳וויל מיין פאלק נישט אויפגעבן זיין טרוים,
אין פינסטערסטע יאָרהונדערטער זיין טרייסט:
די גאַנצע וועלט צו זען אויסגעלייזט
פון שקלאַפעריי, פון פייניקונג און צער,
ס׳זאָל מער נישט זיין קיין קנעכט און נישט קיין האַר
און קומען זאָל דער שלום אויף דער וועלט,
ווי פרילינג-צייט די מאָרגנשיין צעהעלט.
יאָ, איך בין שטאָלץ דערמיט
וואָס כ׳בין אַ ייד...״

דאָס יידישע ליד, אויך אויסער די גרענעצן פון פוילן, האָט שאַרף גע־שפּירט און טיף באַנומען אונדזער פּיין. עס איז גענוג בלויז צו דער־מאָנען דעם דיכטער יעקב גלאַטשטיינס עפּאָכע־מאַכנדיק ליד „אַ גוטע נאַכט וועלט", וואָס האָט אַרויסגערופן די ליידנשאַפטלעכסטע דיסקוסיע אין דער גאַרער יידישער וועלט, וואָס אַ ליד קאָן אמאָל ווען־נישט־איז אַרויסרופן, כדי צו געדענקען, ווי אַזוי אַ יידישער דיכטער פון ניו יאָרק האָט געקוקט אויף דער שלאַבערדיקער דעמאָקראַטיע פון דער וועלט מיט אירע „קאַלטע סימפּאַטיע־קאָמפּרעסן" צו אונדז יידן.

— אַ גוטע נאַכט, ברייטע וועלט — האָט יעקב גלאַטשטיין געזונגען.

## אין אונדזער דור

„גרויסע שטינקענדיקע וועלט.
נישט דו, נאָר איך פאַרהאַק דעם טויער.
מיט דעם לאַנגן כאַלאַט מיט דער פייערדיקער געלער לאַט
מיט דעם שטאָלצן טראָט
אויף מיין אייגענעם געבאָט
— גיי איך צוריק אין געטאָ".

דער ייד אין פוילן האָט אָבער נישט געוואָלט אומקומען. אַ שרעק־לעכער פיין שרייט אַרויס פון יידישן האַרץ, בעת ער זעט, ווי זיין שטעטל ווערט חרוב. דאָס יידישע שטעטל אין פוילן — וואָס האָט עס דען אַלץ אין זיך נישט געהאַט?

פשיטיק איז באַגאָסן געוואָרן מיט יידיש בלוט. נאָך דעם איז גע־קומען דער פּאָגראָם אין בריסק. די יידישע צייטונגען דערשיינען מיט אַ צוים אויפן מויל און אַלע פּאָר טעג קומען אָן די וואַרשעווער יידישע צייטונגען מיט ווייסע פלעקן פון דער צענזור. אָט אין יענע טעג האָט דער שרייבער און לערער פון ווילנע — פאַלק האַלפּערן געשריבן פאָלגנ־דע שורות:

„פשיטיק, עלנט שטעטל אין אייגן גבול פאַרלוירן,
צו אַלע וועגן אָפן, אָן צוימען, אָן פאַרקאַנטעס —
ווער האָט עס געקענט אַמאָל מיט אַלטע בית־המדרשן,
און ווער קען עס איצטער מיט חרובע סטראַגאַנעס.

...פשיטיק, עלנט שטעטל, וויג־בעטל פון דורות —
ווען עס פירט אַ שמועס אין נאַכט־פראָסט דורך שטערן
מיט די שוועסטער אינגערע, פון גורל גלייך געטראָפן
— ווער האָט וואַכע אויערן איר שטילן זיפץ צו הערן.
פשיטיק וויל נים שטאַרבן!"

יידן רייסן זיך אין דער וועלט אריין, ווילן אוועק פון פוילן, וויל בלוטיקע הימלען הענגען שוין איבער די קעפּ.

## י. האָרן

פּאַרטיי־פירער פירן דיסקוסיעס, רופן קאָנגרעסן, דיסקוטירן נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און באַהאַנדלען עמיגראַציע־ענינים. דאָס בילד פון יענער צייט, ווען יידן פון פּוילן האָבן געוואָלט אוועק האָט, ווי ס׳ווייזט מיר אויס, קיינער אַזוי גרויליק און מייסטערהאַפט נישט איבערגעגעבן, ווי עס האָט עס באַוויזן דער יידישער דיכטער פון פּוילן, ישראל אַשענדאָרף.

אין זיין „ליד וועגן פאָרן״, פאַרעפנטלעכט אין דער ניו יאָרקער „צוקונפט״ שרייבט ער אַזוי:

קום אין אונדזערע שטיבער ועסטו זען.
וואַליזעם ליגן שוין פאַר מלבושים גרייט,
זעק אויף דעם בעטגעוואַנט און מאַפּעס מיט רויטע
אונטערגעשטראָכענע שטעט.
און שטעקנס ועסטו טרעפן און רוק זעק,
אפשר וועט אויסקומען גאָר גיין צו פוס.

מיר ווילן אוועק פון דאנען! מיר טראכטן:
— בערג קענען נישט טאָן פון אָרט אַ שפּאַן.
ווען מיר וואָלטן געווען בערג — וואָלט יעדער פון
אונדז געווען אַ ווולקאַן!

מיר ווילן אין דער ווייט! מיר קלערן:
ביימער אויף איין אָרט — ווי שווער איז!
ווען מיר וואָלטן געווען ביימער — וואָלטן מיר
געגעבן די ביטערסטע פּירות!

פאָרן! פאָרן! מיר זענען נערוועז און ווילד,
אַזוי ענג, דושנע דאָ אין רוים איז.
יעדן טאָג לעבן מיר דורך אַ ערדציטערניש;
— ס׳פאַלן איין אונדזערע היימען און חלומות.
יעדע נאכט זעען מיר אילומינירטע וואקזאַלן,

## אין אונדזער דור

צוגן פאַרן אין מרחקים, נאָר באַגינען —
קענען מיר אפילו די שינעס נישט געפינען.

יעדע נאַכט זעען מיר ווונדערלעכע האַפּנס.
שיפּן שווימען אין לענדער, אָן זאָרג און אָן ווינטער
נאָר אין דערפרי גייען אַלע שיפּן אונטער".

א גרויסע טייל פון דער יידישער יוגנט רייסט זיך קיין ארץ ישראל, באלאגערן דעם ענגלישן קאָנסולאט אין ווארשע. די טירן פון ארץ ישראל זענען אָבער געווען געשלאָסן. כדי איבערצוגעבן די שטימונג פון דער דערמאָנטער יוגנט, לאָמיר ברענגען א פראגמענט פון י. פּאפּיערניקאָווס ליד „עפּנט", וואָס איז אין 1939 דערשינען אין תל־אביב:

„פּויקט עס טאָג און נאַכט מיר אין די אויערן:
— עפּנט, עפּנט, עפּנט אונדז די טויערן! —
ערד איז אין מדבריות אויך פאַראַנען,
ס'זענען כוחות גרייט זיך איינצושפּאַנען
אויך אין בערג אין שטיינערנע פון סטעפּעס,
אַבי קענען ווו דערגיין צו עפּעס,
אַבי האָבן ווו דעם קאָפּ צו לייגן,
און צו פילן, אַז דאָס העמד איז אייגן,
און די נעסט איז וואַרעם, ווי ביי טויבן,
און דאָס ברויט איז זיכער, ווי דער גלויבן
אין א כוח וועלכער גייט פאַרלוירן...
עפּנט, עפּנט, עפּנט אונדז די טויערן!"

און דערווייל גרייט דער דייטשער משחית זיינע פּלענער, ווי אזוי אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק.

ווען וועט די מלחמה אויסברעכן? יידן ווערן געטריבן אין „קיינעמס לאַנד". די פאַרטריבענע אידן פון דייטשלאַנד האָבן שוין הינטער זיך די פּיין פון זיין אין לאַגער אין זבאָנשין. די יידן אין פּוילן דערפילן

## י. הארן

זיך, ווי אין אַ שטייג און יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען האָבן גע־בעטן כוח אויסצוהאַלטן דעם בלוטיקן שטורעם, וואָס האָט שוין געקלאַפּט אין די שוועלן פון די יידישע היימען.

און ווידער אַמאָל: צו וואָס גיין זוכן כראָניקעס, פּראָטאָקאָלן, עדות, וואָס זענען לעבנגעבליבן, אַז מיר האָבן פאַר זיך די יידישע פּאָעזיע.

יאָ, בער שנאַפּערס צווייטע טייל פון זיין ליד: „מיין בלוט", דער־שינען אין יוני 1939, גיט אַזוי פיל איבער, אַז מיר דערפילן זייער שטאַרק דעם וויסטן דרוק פון יענער בלוטיקער צייט:

ב. שנאַפּער בעט אַזוי:

„גאָט! גיב מיר כוח, גבורה, אויסדויער און מוט —
איך זאָל קענען אויסהאַלטן דעם דרוק פון מיין בלוט!
ווייל רוי איז עס און אומגעצוימט. און עס רוישט אין מיר און פאַלט,
פאַלט און רוישט, ווי אַ וואַסערפאַל—טויזנט יאָר אַלט!

איך האָב מורא פאַר מיין בלוט! עס איז מעכטיק! עס איז שטאַרק!
עס איז שטאַרקער פאַר מיר, און עלטער! ווי דער ים, ווי דער באַרג.
און עס איז מיר פרעמד און ווייט. איך קען עס נישט. און איך ווייס
נישט פונוואַנען עס קומט צו מיר.—ווי אַ חיה אין שטייג
שפּאַנט עס אום אין מיר — טונקל, סודותדיק און בייז —
און שרייט! און ברילט!—און ווען עס שלאָפט, און ווען עס שווייגט—
בין איך גאָרנישט. בין איך ליידיק. בין איך אויסגעהוילט און פּוסט,
ווי אַ שטיינגעבליבענע מיל. און איך זיץ און וואַך, זיץ און וואַרט—
עס זאָל זיך אויפכאַפּן! און זאָל אַרויסשפּרינגען פון מיין ברוסט,
ווי אַ טיגער פון דער שטייג! און זאָל אַרויסשרייען פון מיין האַרץ.
דאָס אַלטע געשריי פון דזשונגל! און דאָס וויסטע געבריל פון אור־אור
גאָט! איך האָב מורא פאַר מיין בלוט! עס איז גרויזאַם! עס איז ווילד!
אָט לויערט עס אויף מיר! אָט פויזעט עס און קריכט!
אָט איז עס אויף מיין שפּור!
אָט פאַלט עס אָן אויף מיר אין מיטן שלאָף און ברילט —
גרייט מיך צו דערשטיקן!.. גאָט! איך שווידער פאַר מיין בלוט!
איך האָב מורא. איך האָב מורא ביי טאָג, איך האָב מורא ביינאַכט,

## אין אונדזער דור

איך האָב מורא ווען עס איז שלעכט, איך האָב מורא ווען עס גוט.
איך האָב מורא ווען עס שלאָפט, איך האָב מורא ווען עס וואכט,
איך האָב מורא. איך האָב מורא — אָ גאָט, מיין גאָט! —
צו בלייבן איינער אַליין, אויג אויף אויג, מיט מיין בלוטיקן סוד."

(„נייע פאָלקסצייטונג", יוני 1939)

די מלחמה איז אויסגעבראָכן. דייטשן גייען אויף פוילן. יידן אנטלויפן פון די שטעטלעך און ציען אין די גרעסערע שטעט. וואַרשע ווערט פול מיט יידן. אין וואַרשע גרייט מען צו שוץ־גריבער קעגן לופט־אַנגריפן. און וועגן דעם שרייבט סאשע טאָפּ, אין זיין „וואַרשע 1939" אַזוי:

דער ראַדיאָ זאָגט די איוב־בשורה אָן: — וואַרשע ברענט!
און ס'לויכטן אירע וונדן — רויטע פלאַמען.
איך שטיי איצט וואַרשע, פאַר די חורבה־ווענט
און ביידע צאָרנען מיר צוזאַמען.

דיין פנים שמייסט די פייערדיקע רוט
פון פרעך־פאַריסן דייטשן מיליטער.
די קאַנאַלן דיינע לויפן אָפּ מיט בלוט
און די ערד אין יעדן הויף איז — קברים־ערד.

מיך קלעמט דער צער פאַר יעדער, יעדער גאַס,
פאַר זאַמענהאָף, פאַר גענשע, נאַוואַליפּע,
פאַר דער גראָסער־ביבליאָטעק און דער חברה ש"ס
פאַר אַלע לעבנס אין די קעלערן פאַרשיטע."

די פוילישע רעגירונג איז אַנטלאָפן. וואַרשע ווערט מוראדיק באָמבארדירט פון דייטשע עראָפּלאַנען, ווערט חרוב, און פוילן ווערט טויט. זייער קלאָר דערציילט אונדז וועגן דעם אַלעם די דיכטערן רייזל זשיכלינסקי אין איר ליד: „וואַרשע 1939":

„די נאכט איז קאַלט און וויים

## י. האָרן

פון צפון רוקט זיך אָן דאָס גרויסע אייז.
דאָס לאַנד איז טויט.
מען לויפט שוין מער נישט נאָך קיין ברויט.
ס'איז אויסגעגאַנגען אין פארגלייזטע אויגן
פון טויטע פערד,
אין די לעצטע פלאַמען
פון ברענענדיקע הייזער.
דער לעצטער זעלנער האָט אויסגעטאָן זיין שווערד
און צוגעפאלן מיטן פנים צו דער ערד.
דער שונא טרעט אריין מיט הויכע טריט.
דער שונא טרעט אריבער טייכן בלוט.
דער שונא קומט אריין מיט האַרטע ציין
און דונערט:
עס זאָל געשען
און עס זאָל זיין!
און אַ טויב מיט אַ הונט טרעפן זיך
ביים בויך פון אַ טויטן פערד.
דעם הינטן האָט שוין לאַנג אויפגעגעסן דער מענטש.
אַ בלינדע אָפּגעברענטע קאַץ
וויינט יאָמערלעך און וויינט,
נאָר ס'הערט זי קיינער נישט
אין אָט דער שטאָט,
נאָר ס'הערט זי קיינער נישט."

(וואַרשע, אָקטאָבער 1939, נאָך דער קאַפּיטולאַציע)

לאָמיר מיט שאַרפן געפיל און טיפן פיין אריינגעמען אין זיך די שילדערונגען פון דער יידישער פּאָעזיע וועגן יידישן לעבן אין פּוילן פון ערב 1939, כדי זיך צו קאָנען אין א געוויסער מאָס אריינלעבן אין די מלחמה־און פּליטים־לידער, וואָס קומען אין ווייטערדיקן קאַפּיטל.

נאַצישע אַרמייען מאַרשירן איבער פרעמדע לענדער און ברענען שטעט און זייען טויט. זינגט דער יידיש־רוסישער דיכטער ל. רעזניק אין זיין ליד „האַס און ליבע“:

„פון אַלע זייטן ברענט דער קאָנטינענט, —
מיט קינד אויף מידע הענט עס לויפן מאַמעס,
און טויטע טאַטעס וויגן זיך אין ימען.
מיין ברודער קרעפּטיקער פאַרבייל די הענט!

דער שונא האָט באַטראָטן אונדזער שוועל, —
איז ענגער שלים די ריי, די טריט נאָך שטייפער,
און שאַרפער שפּיר, און שלאָג, און טרעף, ניט פעל, —
דיין ליבע זאָל דיין האַס אין צאָרן שלייפן.

אויף אונדזער מי, אויף ליד און פרייד פון לאַנד
פאַרמאָסטן איז א הענקערישע האַנט,
אויף יונג און אַלט מיט גוואַלד, און בלוט, און פייער.

איז שאַרפער שלייף, מיין ברודער, דאָס געווער,
און ברודערס רוף נאָך הילף פאַרנעם און הער, —
דיין האַס און ליבע זאָל די ערד באַפרייען!“

(פון זאַמלבוך „צום זיג“, דערשינען אין מאָסקווע)

און א צווייטער יידיש־סאָוועטישער דיכטער א. באָרוכאָוויטש דער־ציילט אין זיין ליד „אכט מעת־לעת“ וועגן דער מלחמה, ווי אן אנטייל־נעמער אין קאַמפן, וואָס זענען געפירט געוואָרן אין וועלדער און פעלדער:

„מיר זיצן אין וואַלד שוין דעם אַכטן מעת לעת.

## י. האָרן

אין מערץ האָט זיך פּלוצים דער ווינטער צערעדט
אַזוי ווי אַ בייזע אַלמנה אין געסט.
דער ווינט האָט די וואָלקנס געשמיסן ווי גרעט.

טראַנשייען פאַרצאַמט האָבן דעם האָריזאָנט,
דער מילך־וועג געווען איז דער איינציקער וועג.
עס האָט אַ פּראָזשעקטאָר געוועקט און געמאָנט,
דעם הימל מיט העלקייט, מיט שאַרפקייט געזעגנט.

דער שאָפער געבראַכט האָט פון עראָדראָם
אַביסל בענזין און דאָס אויוול געהייצט,
און פון דער שטילקייט אין טעלעפאָן
דער ראַדיסט איז געוואָרן טויב און צערייצט.

מיר האָבן גערופן דעם וויטן שטאַב,
מיר האָבן געבעטן סנאַריאַדן און ברויט.
צוויי גראַנאַטן צו אויפרייסן דעם אַפּאַראַט,
האָט מיר בסוד דער פאַלקאָווניק פאַרטרויט.

עס האָבן זיך מענטשן אין דר׳ערד איינגעשמידט, —
אין האַרבסטער פון האַרטקייט מיט ווייכקייט פון לייב,
אַזוי ווי אין האַרצן שניידט איין זיך אַ ליד,
אַזוי ווי אין מוסקול אַ שפּיז זיך פאַרקלייבט.

אַכט נעכט האָט דער שלאָף דאָ געמיטן דעם פאָלק,
פון לעבן אונדז חלומען האָט זיך געגלוסט;
ביז וואָנען וועט שטומען אין לופט אונדזער קול,
פון וואָנען וועט קומען די הילף — ניט געוווּסט.

נאָר לעבן, ווייזט אויס, איז געווען אונדז באַשערט,
דער טויט איז געוואָרן שוין אויס באַלעבאָס —

## אין אונדזער דור

דורך צוויי הונדערט וויאָרסטיקער טיפקייט פון פראָסט
מען האָט זי, די שטים פון מיין ראַצי דערהערט.״

ביז סאַמע פראָסקוראָוו דער שנייען זאַווי,
ווי אַ קינד האָט געבעטן זיך אונטערן פעלץ.
אין אַ וואַרעמער שטוב, ביי אַ גלעזל טיי,
פון בערד האָבן ליכטלעך אייז זיך געשמעלצט.״

און אין אַ צווייט ליד „אויפן שנייאיקן פעלד״ זינגט באָרוכאָוויטש:

„ער פּאַטשט אין די ליפּן, דער שניי, און ער וואַרגט,
ער וויל איך זאָל ווערן אַ שנייאיקער באַרג,
וואָס ווייען די גרייפּעלעך שניי אינם ווינט,
אַז חוץ אַ סאָלדאַט, כ׳בין אַ מאַמעס אַ קינד.

פאַרקראָכן דער בליי ביז אין בלוט אריין טיף —
און ס׳האָט זיך דאָס בלוט אויפן דאָנעץ צעטריפט,
אָט באַלד — און ס׳צערינען זיך יינגלשע יאָר,
מיר דאַכט, אַז דאָס קול איז ניט מיינס שוין און גאָר;

אַז ערגעץ אַ צווייטער, וואָס לעבט און וואָס זעט,
ניט ווייסן, אַז נאָענט איז אַ לאַזאַרעט,
וואו וואַרעמע שויבן פאַרהאַלטן דעם שניי,
דעם רוקן באַהאַלטן מען קען דאָרט פון וויי,

פון ברוסט ביז דער פּלייצע — אַ שטיקעלע בינט
ניט לאָזן וועט דורכגיין דעם שטעכיקן ווינט,
דורך גאַנצענעם לעבן אַדורך איז די קויל,
דאָס קול פונם גאָרגל דערגייט ניש צום מויל.

חברים, צי הערט איר מיין לעצטן געשריי?
מיר דאַכט: ס׳פאַרשיט אים, פאַרלעשט אים דער שניי.

## י. האַרן

חברים, אין טויט צי אין חלום איך זע,
ווי ס'רוקט אויף מיר אָן זיך דער לאַזאַרעט
פון אַלע פיר זייטן, פון הויכן, פון גרונטן —
אַ שוואַרצער פון אויבן, אַ ווייסער פון אונטן".

וואָס די דייטשן האָבן עס אַלץ נישט אָפּגעטון, ווי נאָר זיי זענען אַרויף אויף פרעמדער ערד!

אין זיין באַלאַדע „דריי געהאָנגענע פּאַרטיזאַנער" דערציילט דער דיכטער ישראל אשענדאָרף צווישן אַנדערם אַט וואָס:

..."פליט דורך אַ בין, פליט דורך און זשומעט,
און ס'איז איר ליד באַלאָדן מיט אומעט —
פון אייגענעם גוף זיבן מאָל שווערער.
אַ גאָלדענע בין, דערצייל, גיב איבער
פון דיין טרויער וואָס איז די סיבה,
איך וויל זי וויסן, איך וויל זי הערן.
דערציילט די בין: — איך בין געפלויגן
צו אַן עפּלבוים, כדי צו זויגן
פון זיינע בליטן פאַר מיר דעם האָניק.

איך זויג דעם זאַפט פון זיינע בליטן,
נאָר פּלוצים בלייב איך שטיין אין מיטן —
אָ, שווערע, אָ, פינצטערע דערמאָנונג!
וואָס כ'האָב דערזען — איז נישט צו גלויבן!
איך האָב מורא, אַז ס'האָט אויף אייביק
דעם קוואַל פון האָניק אין מיר פאַרטריקנט,
און כ'וועל פון דעמאָלט דאָס גאַנצע לעבן
גיפט בלויז האָבן און גיפט בלויז געבן".

# אין אונדזער דור

און די יידישע דיכטערן רחל ה. קאָרן פון גאַליציע, וואָס האָט אַמאָל געזונגען לידער וועגן דאָרף, זעט פון ווייטנס איר „טייך" און שרייבט אַזוי:

„...דריי מאָל אין טאָג האָט מען געפּאָיעט דאָ די פערד און רינדער,
און ס'פלעג פון זייערע מיילער ווארעם, מאָכיק־ווייך
אַראָפּרינען דאָס וואַסער מיט זילבער ווייכע סטרונעס
און אָנפּאַרטרויען דער לופט די מעלאָדיע פון טייך.

עס פלעג די לאַנקע צושווימען אַזש ביז צום סאַמע ראַנד
מיט פיאַלעטע, ראָזלעך רויטע, געלע, ברוינע וועלן
פון גלאָקן־בלום, פון ווילדער נעלק, פון נאַסקער און פון ליובטשיק,
וואָס איז אַ סגולה צו געטרייקייט, צו ליבע און געפעלן".

אַזוי איז געווען אין יענעם שטילן אַמאָל, ווען מ'האָט גאָר אפילו זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס וועלן אָנקומען אַזעלכע מוראַדיקע פינצטערע, בלוטיקע צייטן.

וועגן דעם זעלבן טייך, נאָר אין די מלחמה יאָרן דערציילט רחל ה. קאָרן, אַז:

„איצט פּאָיעט דאָרט זיין פערד אַ פּרייסישער סאָלדאַט,
און ס'גייט מיט בראַנד און בלוט אין טייך דער מערב אויס,
און ס'קרייזן נע־ונדע, נעסט־באַרויבטע פייגל
מיט הייזעריקן שריי איבער פאַרברענטן הויז.

און ס'איז פאַרבליבן נאָר אַ נישט דערברענטער בוים,
אויב נישט קיין גאַנצער בוים, אַ האַלב פאַרקוילטער סוק,
אויב נישט קיין סוק, איז וועלן וואָרצלען ארויסשפּאַרן פון ערד
און אויסוואַקסן די תליות איבער נאַכט פאַר אונדזער מאָרגיקן
נקמה־טאָג".

דאַרפן דען אָט די געבראַכטע פראַגמענטן פון אַ רייע יידישע לי־
דער האָבן אויסטייטשונגען?

# י. האָרן

און איצט וועגן דעם גאַנג אונדזערן אונטערוועגנס.

די באַפעלקערונג האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. קיינער האָט זיך כמעט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, וווהין ער לויפט.

אַזוי דערציילן די ביכער, ווו עס ווערט באַשריבן דאָס אַנטלויפן פון פוילן. מענער האָבן זיך צעשיידט מיט זייערע פרויען, עלטערן מיט זייערע קינדער, נישט איבערטראַכטנדיק, אַז מ'זעט זיך שוין צום לעצטן מאָל.

מיט דעם מאָמענט, ווען מ'איז אַריין אינעם פייערדיקן האָגל, איז מען גלייך געוואָרן אַ נע־ונדניק, אַ געוועזענער מענטש, וואָס האָט גע־וואָרט אויף צו באַקומען ערגעץ אַן אָרט, ווו צו קאָנען איבערנעכטיקן, אָדער גאָר אַ ביסן ברויט, כדי צו שטילן דעם הונגער.

טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, הונדערטער טויזנטער מענטשן זע־נען געלאָפן נאַקעט און באָרוועס — זיך פאַרלאָרן אין וועג און שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּליטים און דערנאָך אין אויסגעוואָרצלטע מענטשן.

דער עסעיאיסט י. י. טרונק דערציילט אין דער פאָררעדע צו זיין בוך „מנחם מענדל", ווי אַזוי ער האָט געוואָלט איבערנעכטיקן אין אַ שייער, אין אַ דאָרף ביי גאַרוואָלין און ס'איז אים געווען אוממעגלעך, ווייל די פּויערים פון דאָרף האָבן פּלוצים דערפילט, אַז אין שייער ליגט אַ ייד.

דער יידישער זשורנאַליסט פון פוילן, וואָס געפינט זיך היינט אין ניו יאָרק פּנחס שוואַרץ, דערציילט אין זיין בוך „דאָס איז געווען דער אָנהייב", ווי אַזוי באַרימטע יידישע זשורנאַליסטן און צווישן זיי דר. י. גאָטליב, י. מ. ניימאַן א. א. זענען באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון זייער אַוועקשלעפּן זיך פון וואַרשע, געוואָרן „אויס" מענטש און געמוזט אָנקומען נאָך אַ טעפּעלע זופּ פון „רויטן קרייץ".

וועגן לויפעריי פון די היימען, ברענגט זייער פיל ירחמיאל וויינ־גאַרט אין זיין בוך „אַ וועלט אין פלאַמען". יאָ, אַזוי איז געווען דער אָנהייב. שפּעטער איז אַ גרויסע טייל אַריין אין תהום פון היימלאָזיקייט און ביז היינט צו טאָג קאָנען הונדערטער טויזנטער יידן אין אייראָפּע, פון אָט דער אויסגעוואָרצלטקייט נישט אַרויסקריכן. מ'איז געלאָפן און

# אין אונדזער דור

מ׳לויפט כסדר איבער גרענעצן. אונדזערע ברידער וואַלגערן זיך אין די „די־פּי״־לאַגערן אין די נאָרד אַמעריקאַנער, ענגלישע און רוסישע זאָנעס, אַפּט אָן ברויט און אָן אָרט, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

וואָס־זשע דערציילן עפּעס אונדזערע יידישע פּאָעטן וועגן יידישן וואַנדער־וועג אין די מלחמה־יאָרן?

דאָס ערשטע וואָרט באַקומט דער יינגער יידישער דיכטער נחום באָמזע, דער דיכטער, וואָס האָט פאַר דער מלחמה זיינע געזאַנגען אָנגעהויבן אַזוי שטיל. מיר ברענגען אַ פראַגמענט פון זיינע „פּליטים אונטערוועגנס״, (פאַרעפנטלעכט אינעם זאַמלבוך „צום זיג״, מאָסקווע).

דער דיכטער דערציילט אָט וואָס:

„די כאַטעס ביי די וועגן ברענען,
די שווארצע נאַכט איז זיי מקנא.
זי שפּיגלט זיך אין רויטע פלאַמען
און קאָן אַליין זיך נישט דערקענען.
זי וואָלט אַליין געוואָלט אַצינדער
פאַרטיליקן די אינגעווייִדן,
פאַרלעשן יענע טיפע פריידן
פון גראָע זקנים און פון קינדער,
וואָס זי פלעגט צום שלאָף פאַרוויגן
מיט דער שיינקייט פון אַ מעשה
פון די ציגעלעך די ווייסע,
מיט אַ ווונדערלעכן ליגן...״

און צום סוף פאַרענדיקט נ. באָמזע זיין באַלאַדע מיט אָט די ווערטער:

„עס גייט מיר נאָך דער אַלטער ייד פון קאַלושין:
—לאָזט מיך נישט איבער, ווּהין שפּאַנט איר, ווּהין?״

און דער דיכטער משה בראָדערזאָן פון לאָדזש, וואָס איז געלאָפן קיין רוסלאַנד, דערציילט אינעם ליד: „דערהרגעטע קינדער״:

## י. האָרן

„איך האָב געזען זיי אויף די וועגן ליגן, אויף שאָסייען,
די קינדער די דערהרגעטע דורך קול פון פיינט,
איך האָב געזען, ווי איבער זיי לבנה-נעכט עס גייען,
געזען פון שריפה-פייערן אויף זיי די שיין.

מיט הענט און פיס צעוואָרפן זיינען זיי געלעגן,
צי איינגעקאָרטשעט אין דעם לעצטן ווײ-געשריי,
מיט אויסגעשריי, וואָס קיינמאָל וועט ניט אויפהערן צו פרעגן,
פאַרוואָס, פאַר וועלכע זינד דען קומט עס זיי?

געזען — א יינגעלע אנטקעגן הימל אויסגעצויגן,
זיין פּנים האָט א בלויז קאָליר געהאַט אַזאַ,
פאַרגלייזט ביי אים געוועזן זיינען שוין די אויגן,
און אויף די ליפּן אָפּגעהאקט האָט קול דעם יאָמער: מאַ...”

און דער יונגער דיכטער לייב מאָרגנטוי, וואָס שטאַמט פון פּינסק, שרייבט אין איינע פון זיינע עוואַקואַציע-לידער אַזוי:

„דושנע טעג אין ענגע פראַכט-וואַגאָנעם.
יולי-זון אין בלויע הויכן ברענט.
ציען, ציען לאַנגע עשאַלאָנען
קיין אופאַ, סאַראַטאָוו און טאַשקענט.

האַרטע בענק, נאָך האַרטערע מעת-לעתן.
קעפּ אויף קעפּ, געפלאָכטן פיס און הענט.
אויגן האָבן שוין דעם טעם פון שלאָף פאַרגעסן.
און פון דורשט און שטויב דער גומען איז פאַרברענט.

קלאַפּן רעדער און דעם טרויער וויגן,
פּעק — פאַרפולט מיט ווי און בראָך פון היים...
ברומען יידן שטיל אַ נייעם איכה-ניגון...
יעדער ייד — אַן אויסגעפליקטער בוים...

## אין אונדזער דור

טרעפט מען זיך מיט צווייטע עשאַלאָנען.
זוכט מען טרייסט, מ'רעדט זיך אוים דאָס האַרץ...
יעדער זעט אין צווייטן מענטש זיין פּנים —
יעדנס פּנים איז פאַרקוילט און שוואַרץ...

דערפער, שטעט און רויכיקע וואָקזאַלן.
שטייט מען אָפּ אויף סטאַנציעס גאַנצע טעג.
ווערן עשאַלאָנען אין דער ווייט פאַרפאַלן.
ווען זשע וועט מען קומען צו אַ ברעג?..

פעלד און ווינט און שטויב און זון און כמאַרעס.
יעדער שטיקט אין האַרצן דאָס געוויין...
ציען עשאַלאָנען קיין טאַשקענט, סאַמאַרע,
און די הערצער ציען צוריק אַהיים..."

(„יידישע שריפטן", לאָדזש, דעצעמבער 1947)

אויך דער דיכטער פּאַרטיזאַן א. סוצקעווער זינגט אין זיין בוך „די פעסטונג", (דערשינען אין ניו יאָרק אין 1945) וועגן „פאַרפרוירענע יידן":

„האָסטו געזען איבער פעלדער מיט שניי
פאַרפרוירענע יידן אַ ריי נאָך אַ ריי?
זיי ליגן אָן אָטעם, פאַרמירמלט און בלאָ,
נאָר טויט איז אין זייערע קערפּערס ניטאָ.

ווייל ס'פינקלט אויך ערגעץ פאַרפרוירן דער גייסט,
ווי אַ גילדערנער פיש, אין אַ כוואַליע פאַראייזט.
זיי ריידן נישט, שווייגן נישט, יעטווידער טראַכט,
און די זון ליגט פאַרפרוירן אין שניי אויך ביינאַכט.

עס גליט אויף אַ ראָזלעכער ליפּ אין געפריר,
אַ שמייכל, און קען זיך נישט געבן קיין ריר.
אַ טראָט לעם דער מאַמען ליגט הונגעריק ס'קינד,
און מאַדנע: זי קען עס נישט זייגן אַצינד.

און ס'גליווערט אַ פויסט ביי אַ נאַקעטן גרייז,

י. האָרן

און קען ניט זיין כוח באַפרייען פון אייז.
כ׳האָב אַלערליי טויטן פאַרזוכט ביז אַהער
און ס׳קען מיר שוין קיינער נישט וווּנדערן מער.

נאָר אַצינד אין דער יוליקער היץ אויף דער גאַס,
באַפאַלט מיך אַ פראָסט, ווי ס׳באַפאַלט משוגעת:
ס׳גייט מיר אַנטקעגן דאָס בלויע געביין, —
פאַרפרוירענע יידן אויף שנייאיקן פליין.

מיין הויט ווערט באַצויגן מיט מירמלנער שיכט,
און אָפּשטעלן נעמט זיך דאָס וואָרט און דאָס ליכט.
און אויך מיין באַוועגונג פאַרפרירט, ווי ביים גרייז,
וואָס קען נישט זיין כוח באַפרייען פון אייז.״

דער יינגער שרייבער יאָסל מלאָטעק, פון ווארשע, וואָס איז פאַר־טראָגן געוואָרן קיין שאנכיי שרייבט אין אַ ליד „פּליטים״ (פאַרעפנט־לעכט אין לאָנדאָנער „לשון און לעבן״) צווישן אנדערס:

„מיר לויפן און יאָגן דורך ימים און לענדער
און זוכן ס׳פאַרלוירענע גליק,
עס דוכט זיך אונדז — ווער שטרעק אוים די הענט נאָר
און האָפט עס שוין ווידער צוריק.

עס רוט אויף די פאַלדן פון אונדזערע בגדים
דער שטויב שוין פון האַלבער וועלט,—
דאָך טרייבט עס אונדז ווייטער, ווי ס׳טרייבט אין אַ שטורעם
ציגיינער אָן אַ געצעלט.

מיר הערן אין נעכט ווי עס רופן אונדז שיפן,
מיר הערן געררויש פונעם ים.
מיר זענען ווי צווייגן וואָס ליגן פאַרשניטן
און בענקען נאָך אַלץ צו דעם שטאַם.״

## אין אונדזער דור

און דער דיכטער חיים גראדע, וואָס האָט אויך מיטגעמאַכט דאָס לעבן פון אַ וואָגלער, זינגט אין זיין „אין נאַכט און אין ווינט" אינעם בוך „פּליטים" (ארויסגעגעבן פון צענטראל פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע) אַט וואָס:

„אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן,
מיר וואַלגערן זיך אויף די וועגן,
אין פּאַרקן, אויף טרעפּ און וואָקזאַלן,
ווי הארבסטיקע בלעטער וואָס פאַלן.

אין וואָגל פון באַנען אויף באַנען,
מיר זענען שוין יענעם מקנא
וואָס בעטן נישט וואַסער אַ טראָפּן—
און גאָט איז שוין זייער צו קאָפּן.

נאָר מיר ווי אַ האָריקע סטייע
פון בייזע פאַרהונגערטע חיות,
מיר קעמפן פאַר וואַסער אין רייען
מיט פויסטן און גהינום-געשרייען,
און ווילן דעם הימל צעשפּאַלטן
מיט אונדזערע פינצטערע געוואַלדן.

די אויגן ווי מעסערס צעפינקלט,
מיר ברעכן אַדורך זיך אַ ווינקל
צו וואַלגערן זיך אויף די וועגן
אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן.

ווי וועלף אויסגעמאַרעטע הוילן
די זון און די טעכטער פון פוילן,
מיט בערד, ווי מיט זומפּ גראָז-פאַרוואַקסן,
דערשראָקן און ווילד ווי די אָקסן,

י. האָרן

וואָס רייסן אַרויס זיך פון שחיטה —
מיר זענען אַנטלאָפן פון ליטע;
אַ היימלאָזער הונט אין די אויגן
עס וואַקלט אוקראַינע געבויגן,
און ס'קלאָגן ישובים וואָס האָבן
אונדז נעכטן ווי שרייאיקע ראָבן
געטריבן פון זייערע שטיבער —
אויך זיי איז דער טויט־שניט אַריבער,
אויך זיי האָט די כוואַליע פאַרגאָסן,
זיי בלאָנדזשען אין שטורעם פאַרשלאָסן.

דער ניעמאַן האָט שטיינער געשפּיגן,
און עס וויל אונדז דער דאָן נישט פאַרוויגן.
פון מינסק ביז דער קאַלטער סאַמאַרע
מיר ציען — אַ פינצטערע כמאַרע.
ס'האָט ווילנע באַגעגנט זשיטאָמיר,
פאַרבראָכענע איינס אויף דאָס צווייטע,
אויף וועגן סיבירער פאַרשנייטע.

פון זשמערינקע, בריאַנסק און פּאָלטאַווע
מיר פליִצן — אַ גליאיקע לאַווע,
און רייסן אַדורך אַלע צאַמען,
מיר וועלן דעם הימל פאַרסמען
מיט אונדזערע וווּנדיקע גופים,
וואָס שרייען צום הימל און רופן, —
און ס'קלאָגן אין נאַכט עשאַלאָנען:
„אָ, ווער וועט דעם בלוט חשבון מאָנען
פאַר לייב וואָס ווערט — מיסט אויף די וועגן,
אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן..."

און דער דיכטער משה קנאַפּהיים זינגט פון פיר יידישע יונגען, וואָס זיינען פאַרטראָגן געוואָרן:

## אין אונדזער דור

„אין דער זוניק־אוזבעקישער שטאָט סאַמאַרקאַנד
געקליידט זיינען מענער אין פאַרביק געוואַנד —

געשטרייפט און געבלימלט. די פרויען אין שלעפ.
רויט־בלומיקע הויזן. טורבאַנען אויף קעפ.

זיי גייען ווי שוועבנדיק, לייכטע אין טריט.
די עלטערע פרויען פאַרדעקן ס'געזיכט.

מיט אַ שוואַרצער פאַראַנדזשע פון שטייפלעכן טיול.
די זון שיינט און וואַרעמט אַזוי ווי אין יול.

און פאַרגייט אויך צו זיי דאָ אין ווינקל אַהער,
צו די יידישע ייִנגלעך, וואס זיצן פאַרקלערט,

געפאַנגען אויפסניי פון דער בענקשאַפט, וואָס נאָגט...
דער שטורעם, וואס האָט זיי געטון אַ פאַרטראָג."

און דער דיכטער אברהם זאַק דערציילט פון זיין נע־ונד אין אוזבעקסטאַן:

„ס'פאַרשיט מיט פראגן מיך מעמפיסע,
די שוואַרץ־אויגיקע אוזבעקין;
נאָר ס'האָבן אלע מיינע תשובות
בלויז געטאָן איר אומעט וועקן.

— צי האָסטו א מאַרדזשאַ1), אַ קינד ווו?
אַ קיביטקע2) ווו? אַ היים?
„געהאַט אַ היים, נאָר יאַקו3), מעמפיסע,
„אַלץ איז חרוב, קופעם ליים!..."

„געוועזן א מאַרדזשאַ, אַ קינד אויך

## י. האָרן

„ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט;
„נאָר אָט דער „גערמאַן", אָט דער תליון,
„אַלעמען געשאָכטן האָט"...

מעמפּיסע שווידערט. אין די אויגן
גלאַנצט ביי איר אַ שטומע טרער.
זי רוקט מיט מיטלייד צו די פּיאַלע:4)
— טרינק, אַקאַ 5), קום אָפּט אַהער.

„ראַכמאַט 6), ראַכמאַט, מעמפּיסע יונגע,
„פאַרן טיי און פאַרן נאָן7);
„ראַכמאַט פאַר רו אין דיין קיביטקע,
„וואָס מיט גוטסקייט פּילסטו אָן".

כ'טו דאַנקענדיק ביים שוועל אַ צערטל
אירע גלאַנציק־שוואַרצע צעפּ.
און ס'האָבן אירע מילדע אויגן
מיך אַרויסבאַגלייט אין סטעפּ..."

---

1) אַ פרוי, 2) אַ ליימיק הייזל, 3) נישטאַ, 4) טרינק־שאָל, 5) ברודער, 6) אַ דאַנק, 7) ברויט.

(פון א. זאַקס בוך: „מיט אש אויפן קאָפּ")

און די דיכטערן רייזל זשיכלינסקי שילדערט די „אַסטראַכאַנער נעכט":

„דאָ זענען די שטערן גרויסע, קלאָרע
זיכער פינקלען זיי אין ווייסע נעכט באַזונדער,
ביי אונדז וועט זיין דער זיג
ביי אונדז וועט זיין דער זיג!
שלאָפן רואיק איין אין אַסטראַכאַן די קינדער.

ביימאָג רייטן דאָ ווינטן אַרום איבער די זאַמדן

## אין אונדזער דור

פֿאַרשיטן דיר די אויגן, פֿאַרמעקן דײַנע טריט.
אין די אָוונטן לייגן די ווינטן זיך שטיל צו דײַנע פֿיס
און בעטן, גייען אוים נאָך אַ גלעט פֿון דײַנע הענט.

און די וואָלגע, די טאָכטער, ווײַל מען זאָל זי גלעטן,
קושן, צערטלען אין די ווײַסע נעכט.
בײַטאָג האָבן פּרויען זיך געבאָדן אין אירע וואַסערן
פֿאַרבענקטע נאָך מענער, וואָס זענען אויפֿן פֿראָנט אַוועק.

גרינאויגיקע פֿישער שווימען אַרום אין קליינע שיפֿעלעך,
זינגען לידער און כאַפּן פֿיש פֿאַר דער רויטער אַרמיי
שווימען זילבערנע קאַרפּן אַליין אַרײַן אין די נעצן
און די שווײַגנדיקע העכט זענען אויך דאָ מיט זיי.

דאָס פּנים פֿון אַלטן טאַטער איז ברוין און צעקנייטשט
און די קנייטשן זענען פֿול מיט גלויבן און מיט זיג.
טראָגט ער זײַן פּנים אין די ווײַסע נעכט
צו יענער זײַט טײַך, דורך דער שמאָלער בריק.״

(„יוגנט־וועקער״, ווארשע 1947)

צום סוף פֿון קאַפּיטל: מלחמה־ פּליטים־ און עוואַקואַציע־לידער
לאָמיר געבן דאָס טיף־רירנדיקע ליד פֿון רחל ה. קאָרן „אויף מײַנע שיך״.

„אויף מײַנע שיך פֿון באַשקיריען דאָס לײַם,
פֿון קאַראַקום־מדבר דער גלי־הייסער זאַמד,
די בלאָטע פֿון רוסישע דערפֿער און שטעט
און דער העל־גראָער שטויב פֿון אוזבעקישן לאַנד.

דאָס פֿאַרטרוקנטע בלוט פֿון די פּוילישע וועגן,
דער שטויב און דאָס אַש פֿון פֿאַרברענטן געביין,

## י. האַרן

און ס׳פאַרשטעלט זיך זיין פּנים דער מלאך, וואס פירט
מיך פון גרעניץ צו גרעניץ צום ברעג פון געוויין.

און כ׳ווייס נאָך נישט אלץ, ווו כ׳וועל נעכטיקן היינט
און ווו עס וועט זיין מאָרגן מיין היים, —
ווי וועל איך באַקלעפּן אויף ווייטערן וואַנדער
מיינע שיך מיט בלוט, מיט שטויב און מיט ליים.

כ׳האָב געזעען דאָ נישט לאַנג די שטוב פון מיין מאַמען,
די ביימער אין סאַד מיט די וואָרצלען אַרויף —
עס האָט זיי צעזעגט אַ רוסישער זעלנער
אויף האָלץ, אין דעם שטילן פאַריתומטן הויף.

כ׳האָב געזעען אויך די קאַץ מיט פאַרווילדעוועטע אויגן,
וואָס זוכט דאָרט נאָך אלץ פון מיין מאַמען די טריט,
זענען מיר דאַן געשטאַנען איינע קעגן דער צווייטער,
ביז ס׳האָט זי דער זעלנער פאַריאָגט מיט אַ רוט.

כ׳האָב נאָך לאַנג זי געזעען אויפן שפּיץ פונם דאַך,
ס׳האָט ווייטע דערמאָנונג געגליט אין איר בליק,
און ס׳האָט זיך איר רוקן געבויגן אַרויף,
ווי איבער אַן אָפּגרונט צום הימל די בריק.

אויף מיינע שיך פון באַשקיריען דאָס ליים,
פון קאַראַקום־מדבר דער גלי־הייסער זאַמד,
און דער העל־בלאָער שטויב פון אוזבעקישן לאַנד.
די בלאָטע פון רוסישע דערפער און שטעט.

דאָס פאַרטריקנטע בלוט פון די פּוילישע וועגן,
דער שטויב און דאָס אש פון פאַרברענטן געביין,
און ס׳זיינען די וועגן, ווי שטומע זיווגים

# אין אונדזער דור

פון טריט מיינע מידע, אין צייט פון פאַרגיין.

ס'איז מער קיינער נישטאָ דאָס געלייט מיר צו געבן,
ס'וועט שוין קיינער נישט זאָגן: „מיין קינד, קום אַריין".
כ'בין דאָך פרעמד איבעראַל און מיין איינציקע היים
איז מיין מאַמעס לעצט געוויין".

(„די צוקונפט")

צו אונדזער גרויסן אומגליק, זענען מיר נישט אָפּגעקומען בלויז מיט די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן אין וועג, געשטאָרבן פון הונגער, קעלט און קראַנקייטן, צי גאָר געפאַלן אַלס פּאַרטיזאַנער אין קאַמף, אין ווידער־שטאַנד און אויפשטאַנד, נאָר מ'האָט מיליאָנען יידן אומגעבראַכט אין די ברען־אויוונס אין די מיידאַנעקס, אוישוויצס און טרעבלינקעס.

דער וועג צו די טרעבלינקעס איז דאָך אייגנטלעך דאָס קאָשמאַר־פולסטע, וואָס מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן.

די היסטאָרישע קאָמיסיעס אונדזערע גרייטן צו און גיבן אַרויס ביכער און דאָקומענטן. יידן, וואָס זיינען לעבן געבליבן, דערציילן און פאַרצייכענען זייערע איבערלעבונגען. זשורנאַליסטן באַזוכן די טויט־פאַבריקן און שרייבן איינדרוקן און גיבן איבער חשבונות, וויפל וואַגאָנעס פרויען־האָר און גאָלדענע ציין די דייטשן האָבן אַוועקגעפירט. יעדער ניצול־געוואָרענער פון טויט האָט צו דערציילן און יעדע לאַגער־אויסגאַבע איז פול מיט בלוטיקע עפּיזאָדן.

וואָס זשע זאָגט דאָס יידישע ליד, וואָס איר מחבר איז געווען אין סאַמע בראַנד־פייער? פיל פון אונדזערע דיכטער זענען פאַרברענט געוואָרן און נאָר אייניקע פון זיי זענען צום גליק, געבליבן לעבן.

דער יינגער יידישער דיכטער מרדכי שטריגלער, וואָס שטאַמט פון זאַמאָשטש און האָט דורכגעמאַכט אַלע פּיינען, דערציילט אין זיין בוך לידער און פּאָעמען „אין אַ פרעמדן דור״ (דערשינען אין 1947) „ווי אַזוי אַ שבתדיקע עדה האָט אַוועקגעשפּרייזט צו גאָט״...

„און דאָ איז ערשט פּסח צייט... און מ׳זאָגט... אוי, מ׳זאָגט דאָך פּאָרט!
געקומען אַ יינגל פון פּיוסק... באָרוועס, אָפּגעריסן, ער האָט
געזען אַליין!
„בעלזשעץ״—זאָגט ער... און דערציילט אַזעלכעס, וואָס קאָן
אויפטרייסלען אַ שטיין...
נאָר יידן... טרייסט מען זיך און מ׳שרייט אויף אים אָן: ווייסעך
וואָס דאַרטו!
אַ משוגענער דאַרף מען דאָך זיין אַלעמען אַזוי אויסצוהערן:

## י. האָרן

וואָס הייסט? נעמען מענטשן, שטעט גאַנצע און — גלאַט
אַזוי!.. סתם זיך אַזוי — — — —
כאַטש — פאַרטאָג ביים ערשטן אויפשפּראָץ פון יונגגן טוי
האָבן העלמען אַלע קרומע אָדערן פון שטעטל באַשטעלט
מיט געווער..."

און ווייטער דערציילט דער מחבר:

„ס'פאַלן קליינע שאָסן, קלעפּ באַשווילן שאַרבנס —
און ס'שטראַלן גאָר ביי אים די פאַרבלוטיקטע אויגן! — — — —
דעם קאָפּ געהויבן גלייך — האָט ער פלוצים פאָראוים געבויגן..."
ס'וואַרט אויף דער שבת עדה דער אַרומגעצוימטער מארק
און ס'גאַפט זיין שטעכיק מויל: ווי יידן זיינען שטאַרק!
אַלץ איז שוין צעבלוטיקט און קיינער קען נישט שטאַרבן — — — —
...און הערשל זשימנאַוואדא — גייט און איז מתפּלל
און טאַפּט מיט הענט דאָס גליק — דעם עטרהדיקן טלית —
און ס'שטראַלן גאָר ביי אים די פאַרבלוטיקטע אויגן!..
דעם קאָפּ געהויבן גלייך — האָט ער פלוצים פאָרוים געבויגן..."

און אין אַ הספד אויף די טויזנט אומגעקומענע אין סקאַרזשיסקער אמוניציע־פאַבריק „ווערקצע", זאָגט מרדכי שטריגלער אין קאַפּיטל 5 אַזוי:

„...פאַרגליווערט אַמאָל אַזוי איינער צווישן שטרוי געעסרחה און צואה
צווישן גרויסן באַראַק גערודער ,אינמיטן שלאָף אַזעלכע
פּייפּעריקע, רויע
זענען שוין דאָ גיריקע הענט אַזעלכע... מיט פיבער אין די אויגן
וואָס שטייען שוין איבער אַזעלכן טיף אַריבערגעבויגן
וואַרטנדיק אויף דעם לעצטן שאָרך — ווי פון אַן אַוועקגייענדיקן
צוג — דער פּייף
און ענדלעך — ווען ער הויבט שוין אָן צו פאַרציען זיך מיט שטייף

## אין אונדזער דור

ווערן די „שיך״ אַראָפּגעצויגן... די שמאַטעס אַראָפּגעריסן!
שמאַטעס טאַקע... לייז... ווערים! ס׳וועט אָבער זיין דערפאַר אַ ביסן
פון אַ נאָכמער נאַקעטן וואָס ס׳מזל זיינס האָט אַזוי ווייט
נישט געטראָגן...
און נאָך צוויי אַזעלכע — טויטע ווי ער... מיט די געלע הויט
און ביינער
שלעפּן אים... שלעפּן זיך... ווי אַ הויפן באַוועגלעכע שטיינער
צום יחוסדיקן, פאַרן מיסטבאַשטימטן לאַגער וואָגן — — — —
— — — און דאָרט אין מיסט קאַסטן, הינטערן קלאָזעט
געזעגנט איר זיך... איז אייער אָפּשייד פון „ווערקצע״ אייער גט...
דאָרט ליגט איר אויף אַ הויפן אַזוי פיל צוזאַמען
דאָרט זעט איר אייער שוועסטער — דאָרט טרעפט איר
אייער מאַמען — — — —״

און אין זיין ליד „אין טאָג פון אומגערעכטן משפט״ דערציילט
מרדכי שטריגלער, אַז:

„פאַרטאָג איז דער געטאָ פוסט אין בלאָטעס ליגן די טליתים
וואָגנס — ווי גנבים ביינאַכט — זאַמלען צונויף די מתים.

מ׳פירט זיי אָנגעהויפט צו יענעם פלאַץ פון קברים
די גאַנצע שטאָט זעט אויס ווי אַ גרויסער מטה־ארון.

די פּאָליציי פּוצט אָפּ די ערד פון אירע רויטע ווונדן:
ביז אכט אַזייגער פרי מוז יעדער שפּור פאַרשווונדן!״

פון מרדכי שטריגלער פּלייצט לידער און ביכער, ווי פון אַ בלוט־
קוואַל. איידער מיר וועלן ציטירן אַנדערע, לאָמיר נאָך ברענגען אַ פראַג־
מענט פון זיין „דער לעצטער ייד אין געטאָ״:

## י. הארן

„מ'רייסט די דעכער פון די פארשעמטע דירות,
מ'שלעפט די טישן, די ווענט, בענק און בעטן.
— אוים מיט דער געשיכטע פון יודנשטעט און געטאָס!
פון יידישע הייזער לעגענדן און קליינשטעטלדיק עשירות!

...שוין שטייט זי אין מיטן שטוב... הענט רייסן פון איר
ס'לעצטע העמד.
צאָרנדיק שרייט דעם שעפס שטים, בייז אזוי און פרעמד:
„און אויך פון אים רייס אלץ ארונטער... אָט אזוי! אזוי!
און יעצט מאָזעס, צייג מאל — — — נו, ווי געוויינלעך מיט א פרוי"

און דער מחבר פארענדיקט דעם עפילאָג מיט פאָלגנדיקע שורות:

„...און אין אַ ווינקל אויפן פעלד אין א בלייכער חלום נאַכט
האָבן דערשראָקענע יידן הענט א קבר אויסגעפלאכט
פאַר משה ראפאפארט און צביה איילבוים — די לעצטע
זאמאָשטשער מאראנען.
באַהעפט און דורכגעשאָסן דורך די פאַרייניקונגס אָרגאַנען — — —"

אלטער שנור, א יינגער יידישער דיכטער פון לאָדזש, וואָס איז פארברענט געוואָרן אין מיידאנעק, זינגט אין זיין ליד „די גרויסע אויס־זידלונג":

„קום מיין פריינט וועל איך דיר ווייזן
אַ יידישן הויף מיט אַלטן אייזן.
זוך — און וואָס האָסט נאָר אין זינען
אויפן הויף וועסטו געפינען.

יאַ, איך זוך און האָב געפונען

## אין אונדזער דור

טיילן, שרויפן פון מאַשינען.
רייפן רונדיקע פון פעסער
אַ שאַרף פון אַ שבת-מעסער.

יאָ, איך זוך און האָב געפונען
בעכער, שלעסער כל המינים.
רעדער פון אַ קינדס אַ וויג,
ראַמען פון אַ פרויען-שפּיגל,
וואָס די פרוי און אי דאָס קינד
געלאָזט עס הפקר אויפן ווינט".

און דער דיכטער א. סוצקעווער דערציילט וועגן „אַ וואָגן שיך" אָט וואָס:

„...די רעדער יאָגן, יאָגן,
וואָס ברענגען זיי מיט זיך?
זיי ברענגען מיר אַ וואָגן,
מיט צאַפּלענדיקע שיך.

דער וואָגן ווי אַ חופּה
אין אָוונטיקן גלאַנץ;
די שיך — אַפּולע קופּע
ווי מענטשן אין אַ טאַנץ.

אַ חתונה, אַ יום-טוב?
צי האָט מיך ווער פאַרבלענדט?
די שיך — אַזוינע נאָענטע
אויפסניי איך האָב דערקענט.

עס קלאַפּן די אָפּצאַסן:
וווּהין, וווּהין, וווּהין?

## י. האָרן

פון אַלטע ווילנער גאַסן
מען טרייבט אונדז קיין בערלין.

איך דאַרף ניט פרעגן וועמעס,
נאָר ס'טוט אין האַרץ אַ ריס:
אָ, זאָגט מיר שיך דעם אמת,
וווּ זענען זיי די פיס?

די פיס פון יענעם טופל
מיט קנעפּלעך ווי טוי, —
און דאָ — וווּ איז דאָס גופל,
און דאָרט וווּ איז די פרוי?

אין קינדער שיך אין אַלע
וואָס זע איך ניט קיין קינד?
וואָס טוט ניט אָן די כלה
די שיכעלעך אַצינד?

דורך קינדער שיך און שקראַבעס
כ'דערקען מיין מאַמעס שיך!
זי פלעגט זיי בלויז אויף שבת
אַרויפציען אויף זיך.

און ס'קלאַפּן די אָפּצאַסן:
וווּהין, וווּהין, וווּהין?
פון אַלטע ווילנער גאַסן
מען טרייבט אונדז קיין בערלין."

(פון א. סוצקעווערס בוך: „די פעסטונג")

און דער שרייבער מרדכי געבירטיק פון קראָקע דערציילט וועגן די איבער־לעבונגען אין געטאָ:

## אין אונדזער דור

„גלייך ווי די טריט אויף א זאַמדיקן ברעג
פון מחנות פאַרמאַטערטע קנעכט,
ציען אין געטאָ זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט.

ציען די שעהן זיך שווער ווי בליי,
מינוטן פון אימה און שרעק.
בעט מען דער טאָג זאָל כאָטש זיין פאַרביי,
די נאַכט זאָל בשלום אַוועק.

שלאָפט נישט נאָר, נאָר מען האָרכט און מען וואַכט
פאַלט עפּעס שרעקלעכעס איין:
אויף וועמען וועט פאַלן דער גורל די נאַכט
זייערם אַ קרבן צו זיין...

ליגט מען אַזוי און די אימה איז גרויס
הערנדיק סקריפּען אַ טיר,
ציטערט דאָס הארץ ווען פון הונגער א מויז
גריזשעט אַ שטיקל פּאַפּיר.

שטאַרבט אָפּ אַן אבר, ווען ס׳טראָגט זיך אַרום
אין הויף מיט פּאַפּירלעך דער ווינט,
געזעגנט מען זיך, אָן שום לשון, ווי שטום,
מיט מאַמעס, מיט ווייב און מיט קינד.

און אַזוי ליגט מען אין אימה און שרעק
געיאָגט און דערנידעריקט ווי קנעכט —
און אַזוי ציען זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט".

און די יינגע דיכטערן חוה ראָזנפארב פון לאָדזש, דערציילט אין

# י. האָרן

איר ליד „מיר קומען אום...” וואָס די ערשטע סטראָפע האָט זי געשריבן אין טעג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע און די אַנדערע סטראָפעס האָט זי פאַרצייכנט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער ביי האַמבורג מיט אַ בליי אויפן סופיט, איז:

„פלעדערמייז פליען פאַרביי פענצטער.
פליגלען פלאַטערן אויס דעם טאַנץ פון געשפּענסטער
די זון איז שוין געגאַנגען...
אויף מערב־הימל ליגט צעשלאָגערט איר בעט,
נאָך היים פון איר לייב.
אויף פורפור קישנס און צעפליקטע ציכן
ליגט נאָך דער טאָג און דערמאָנט,
באַלד וועט ער אויכעט גיין.

שטייסטו אין שעה פון אימה־געשפּענסטער
אנטקעגן דיין פענצטער
און ברומסט דיין געברום:
— ווער וועט דערמאָנען די זון?
— מיר קומען אום... מיר קומען אום...
נאָמענלאָז פאַרגייט דער טאָג, דער לעצטער,
ס'וועט בלייבן אַ שפּין.

ווער וועט געדענקען דעם טאַטנס לעצטן קרעכץ?
ווער וועט געדענקען דער מאַמעס לעצטן וויי?
מיר קומען אום... מיר קומען אום...
ווער וועט אייביק זען דעם פּחד פון דער שוועסטערס צעפּ
וואָס ווינט צעשליסן האָט ביים לעצטן גיין?
מיר קומען אום... מיר קומען אום...

און ווער וועט צערטלען דעם נאָמען פונעם ווייב?
און ווער וועט אייביק רופן ס'פאַרלוירענע קינד?

## אין אונדזער דור

מיר קומען אום, מיר קומען אום...

און ווער וועט וויסן אַמאָל ווי עס הייסט
אַט דער, וואָס עס שטייט דאָ ביים פענצטער אַצינד?
מיר קומען אום... מיר קומען אום...

אַז ער אַליין דער לעצטער פון אַ גרויסן שטאַם,
אַז ער אַליין דער לעצטער זינגער, בונם בעל פיין
ער קומט אום, ער קומט אום
און מאָרגן וועט ער אויך שוין מער נישט זיין".

(פון בוך „די באַלאַדע פון נעכטיקן וואַלד", לאָנדאָן 1947)

און אין לאגער־צייטונג „אדמאָנטער היינט" האָט שבע גלאַס פאַר־עפנטלעכט אַ ליד „אויסשוויץ", אין וועלכער זי זאָגט:

„איך זע נאָך די העלישע דראָטן,
וואָס אין לבנה שיין פינקלען
ווי אַ שאַרפער חלף אין העלדזער געטונקען.
איך זע נאָך דאָס וואָגלען, דאָס וואַקלען פון שאָטנס,
ווו ס'שמעלצט אוים זיך אין פלאַמען
אַ קינד נאָך אַ קינד,
מאַמע, נאָך מאַמע.

איך הער נאָך די קולות פון פלאַמיקן שייטער,
געוויים זיי דערלאַנגען צו גאָט אָן אַ לייטער...
איך הער און איך קען דאָס קול נישט דערשטיקן.
ווען אפילו איך זאָל אין אַ הייל פאַרקריכן.
ווען אין פרילינג כ'זאָל הערן דעם וויסן קאַרשנבוימס געזאַנגען,
די זילבערנע ליכטיקע בעריאָזעס לידער,
ווען ס'זאָל מיר צעקלינגען אַ פעלד מיט גאָלדענע זאַנגען —
קען איך נישט דערשטיקן דאָס קול פון מיינע אוישוויצער ברידער.

## י. האָרן

איך הער... איך דערטאַפּ יעדן אָטעם... יעדן דראַנג...
יעדנס ווידוי... יעדן אברם לעצט געראַנגל,
אַזאַ צאַרנדיק־אימהדיקן רוף... אַזאַ קראַך...
איבער פעלדער אין וואַגל האָבן ווינטן צעטראָגן,
פאַרשפּרייט איבער וויסטעניש אין שווייגנדיקער נאַכט.״

און אין דער „זאַמלונג פון קאַצעט־און געטאָ־לידער״, ארויסגעגעבן דורכן צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין בערגען בעלזען, שרייבט זאַמי פעדער:

„אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן,
מען האָט געשאָסן אַ ייד,
געוואָרפן אין וואַסער אַריין,
פאַרגוואַלטיקט אַ מיידל
געלאָזט זי נאַקעט אַליין
און דאַן...
דאַן האָט מען געהאַנגען
איינעם, צוויי, דריי...
אַלע מוזן קוקן —
זיין דערביי;
מען הענגט שוין ווייטער?
יאָ!
פאַרוואָס?
כ׳וויים נישט...
מ׳הענגט...
מ׳הענגט...״

און אסתר שטוב דערציילט אין דער דערמאָנטער „זאַמלונג פון קאַצעט־און געטאָ־לידער״ וועגן בערגען בעלזען אָט וואָס:

„איך זע די קראַנקע, געברענט פון היץ,
ווי זיי קרעכצן: וואַסער!

## אין אונדזער דור

ווי זיי בעטלען: כאָטש איין שלונג,
אַ שטיק פייער איז מיין צונג.

איך זע די, וואָס שלעפּן נאָך די פיס,
אַך! ווי גרויזאַם און ווי מיס.
אויסגעדאַרט ווי סקלעטן,
צוזאמען מיט קראַנקע אין די בעטן.

אין די אויגן אַזוי פיל שרעק,
נעכט אָן ענדע אין דער טונקל...
אַזוי פיל מתים אין יעדן עק.
יאָמערן זיפצן פון יעדן ווינקל.

אין דער פינצטער אַ געוואַלד:
מיין קראַנקע שוועסטער איז שוין קאַלט!!!"

לידער זענען נישט בלויז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן די לאַגערן און טויט-פאבריקן, נאָר עס זענען אויך פאַראַן לידער, וואָס דערציילן וועגן יידן אין געטאָ.

ישעיה שפּיגל פון לאָדזש, זאָגט אין זיין ליד „די צוואה":

„ווער ס'האָט ביינאכט נישט גערעדט מיט טויטע
און נישט געגאַנגען געאָרעמט מיט די שאָטנס
איז ווי אַ זעגל, אָפּגעריסן אויפן ים-פלאַך,
וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט אָנקומען צום בארטן.

ווער ס'האָט זיין הארץ געוואַשן נאָר מיט פייער
און נישט מיט קילן תהום פון טויטע אבות —
האָט נישט געהערט דעם ווידערקול פון דורות
און נישט דאָס הייליקע ליד פון אימת מות.

ווער ס'האָט זיין תפילה נאָר געשיקט צו זונען
און נישט צו טויטע, קאַלטע, גרינע שטערן —

## י. האָרן

דעם האָט אין פינצטערניש פון געטאָ־נעכט
נישט געבריט דער פלאַם פון דורותדיקע טרערן.

דער, וואס האָט זיין פרייד געזוכט אין ברונעם
פון יעדן טאָג און ווינטיקע געצעלטן —
ער וועט ווי גראָז אויפן טויטן שטיין פאַרוויאַנען
און מיט זיין דור זיין גורל שוין פאַרשעלטן.

אויף אַלטע פעלזן ברענט דאָס רויטע אות,
פון יעדן בליץ, וואס האָט זיך איינגעקריצט דאָ,
כ'וועל אָנטרינקען מיין הארץ מיט פולן טרערן־כוס
ביז די צוואה זיין וועט אייביק אַ געשיצטע."

(פון י. שפּיגלס בוך „לידער און באַלאַדן אין געטאָ")

דער דיכטער און דערציילער ישעיה שפּיגעל שרייבט וועגן לאָדזשער געטאָ, און דער „יונג־ווילנער" אברהם סוצקעווער זינגט אין זיין באריכ־ליד „די לערערן מירע" צווישן אנדערס:

„מיט לאַטעס אויף לייבער, צעשניטן אין פּאַסן,
מען טרייבט אונדז אין געטאָ, עס גייען די גאַסן.
די הייזער באַגלייטן אויף אייביק געזעגנט
און שטיינערדיק ווערט יעדער גזירה באַגעגנט.

אין תפילין ווי קרוינען מאַרשירן די זקנים,
אַ קעלבעלע גייט מיט אַ דאָרפס ייד איניינעם.
אַ פרוי שלעפּט א גוסס פארקלעמט אין די נעגל,
א צווייטער — א בינטעלע האָלץ אויף אַ וועגל

און צווישן זיי אלע די לערערן מירע.
אַ קינד אויף איר אָרעם — אַ גילדענע לירע.
אַ קינד אויף איר אָרעם, ביים הענטל א צווייטן,
ארום די תלמידים, — באַגלייטן, באַגלייטן.

## אין אונדזער דור

און קומט מען צו יידישער גאַס — איז אַ טויער,
נאָך ווארעם דאָס האַלץ ווי אַ קערפּער אַ רויער.
און גלייך ווי א שליוז פאר געטריבענע שטראָמען,
ער טוט זיך אַן עפן, פארשלינגט אין די תהומען.

מען יאָגט איבער חורבות אַן ברויט און אַן פייער,
דאָס ברויט איז א בוך, און דאָס ליכט איז א בלייער
פארזאַמלט די קינדער אין חרובער דירה,
עס לערנט זיי ווייטער די לערערן מירע.

זי לייענט זיי שלום עליכמס א מעשה,
עס פינקלען די קינדער און לאַכן בעת מעשה.
זי פלעכט זיי מיט בלויאינקע סטענגעס די צעפּלעך
און ציילט איר פאַרמעג: הונדערט דרייסיק די קעפּלעך".

און איצט לאָמיר ציטירן אַ פראגמענט פון „דאָס ליד פונעם אויס־געהרגעטן יידישן פאָלק", וואָס עס האָט פאר זיין טויט, אָנגעשריבן דער אומפארגעסלעכער העברעאיש־יידישער דיכטער יצחק קאצענעלסאָן.

**א.**

ס'איז דאָ אַ גאַס אין ווארשע, דאס איז די מילא־גאַס. אַ, רייסט
די הערצער זיך פון ברוסט
און לייגט אנשטאט די הערצער שטיינער דארט אַריין, אַ
רייסט פון קאָפּ די אויגן נאַס
און לייגט אויף זיי אַרויף שאַרבוינעס, ווי איר וואָלט עס ניט געזען
און ניט דערפון געוווּסט.
פאַרשטאָפּט די אויערן און הערט נישט — טויב! איך גיי דער־
ציילן פון דער מילא־גאַס.

י. האַרן

## ב.

ס'איז דאָ אַ גאַס אין װאַרשע — די מילאַ־גאַס. װער, װער װײנט?
און שטיל אַזױ? ניט איך. איך װײן ניט, נײן!
די מילאַ־גאַס שטײגט איבער אַלע טרערן. ס'װײנט קײן ייד ניט.
גױים װען זײ װאָלטן עס געזען,
זײ װאָלטן דעמאָלט אױסגעבראָכן אין אַ מוראָדיקן, אַלע, אין אַ
ביטערן געװײן,
אַ גױ איז אָבער אין דעם טאָג פון מילאַ־גאַס, אין טאָג אין יענעם
אין אידישן געטאָ ניט געװען.

## ג.

יידן נאָר און דײטשן... יידן! יידן! אַזױ אַ סך, און מערער
נאָך — מען האָט
דרײ הונדערט פופציק טױזנט יידן פון אײן װאַרשע, װאַרשעװער,
דערהרגעט שױן —
די אַלטע אױסגעשאָסן אױפן בית החיים, די איבעריקע אַלע
אַרױסגעפירט פון שטאָט
אין די טרעבלינקעס. און די מילאַ־גאַס איז פול, איבערפולט װי
די װאַגאָנעס, קוק און שטױן.

## ד.

פון װאַנען? מען האָט אַלע דאָך אױסגעהרגעט שױן! מען האָט
דאָך אַלע אױסגעשאָסן און דערשטיקט!
דאָס זענען יידן פון די שאָפן אױף דעם שטיקל נאָװאָליפּע און אױף
דעם שטיקל לעץ —
די יידן מיט די נומערלעך. אָ, יידן גליקלעכע, יידן װעלכע ס'האָט
אָפּגעגליקט

אין אונדזער דור

און האָבן זיך אַריינגעקראָגן אין אַ שאַפּ. ס׳לעצטע ביסל יידן...
יאָ, די רעשט. די רעשט!

ה.

באַלד אין דערפרי, פאַרטאָג נאָך; איידער נאָך ס׳איז בייז און
אומגערעכט געוואָרן דער טאָג,
האָט מען געוווּסט אין קעלערן באַהאַלטן און אויף בוידעמער
אומעטום און דאָ און דאָרט:
אַלע אידן מוזן ביז אַ זייגער צען, ניט שפּעטער, ניט קיין האָר,
זיך צושטעלן אויף מילאַ־גאַס, מען מאָג
מיטנעמען נאָר האַנטגעפּעק... און בלייבט ווער אין דער היים —
ער וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

ו.

אוי, אוי א שעה ארום און אויסגעלאָשן האָט די זון זיך איבער
וואַרשע און איז מיט אונדז אוועק
אויף מילאַ־גאַס, מיט איבער הונדערט טויזנט געבליבענע. נאָך
אידן אויף דער מילאַ־גאַס —
ניין, ניט די זון! א שרעק פון הימל האָט אכזריותדיק באַגלייט
אונדז גרויס אַ שרעק,
אויף יעדן פּנים פון די איבער הונדערט טויזנט יידן פּאַלט איר
אָפּשיין בלאַס.

ז.

א שרעק! ס׳איז פול מיט איר די גאַס, די מילאַ־גאַס, ווי מיט יידן
פול, זי שוועבט אין לופט —
מיר אויך! מיר אויך! מיר אַלע דאָ געהערן שוין ניט צו דער ערד.
זי רוקט אַוועק זיך פון אונטער אונדזערע פיס.

איך זע באַקאַנטע, און האָב פאַרגעסן זייערע נעמען, פאַרגעסן ווי
אַזוי מען רופט
זיי אַלעמען, ווי טויטע... ווער איז דער? און דער דאָ? די פרוי דאָ
מיטן קינד? און יענער דאָרט? ווער איז?

ח.

איך האָב געקוקט און האָב געזען: מען האָט אַ ייד אַ זאַק אָראָפּ-
גענומען פון זיין פּלייצע דאַר,
און דער זאַק האָט אָנגעהויבן וויינען... אַ קינד! אַ יידיש קינד!
דער זשאַנדאַר ברענט:
ער זוכט דעם טאַטן... שרייט צום קינד: דערקען אים! דאָס ייגגעלע
קוקט אָן זיין טאַטן שטאַר,
ער קוקט אים אָן און וויינט ניט... ער קוקט אים אָן, דעם טאַטן
זיינעם און האָט אים ניט דערקענט!

ט.

דאָס ייגגעלע! און ס'האָט אַ דייטש אַרויסגעשלעפּט אַ צווייטן ייד
פון ריי, אַן אומשולדיקן — „דו"!
און האָט אַוועקגעשטעלט זייביידן צו די טויזנטער געחתמעטע
צום טויט — אַזאַ שפּאַס...
איך האָב געזען — אָ, לאָזט מיך, פרעגט מיך ניט! ניט פרעגט
מיך — וואָס? ניט ווען, ניט פרעגט מיך ווו?
איך האָב באַשוואוירן אייך: ניט פאַרשן גאַרנישט און ניט הערן
קיינמאָל פון דער מילא-גאַס.

(„אידישע צייטונג", 15-טער יוני 1947)

ווי אַ בליץ ערב דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, זאָל אויך
דערמאָנט ווערן דער זעלבסטמאָרד פון שמואל זיגעלבוים (באַקאַנט אין
דער בונדישער באַוועגונג אונטערן נאָמען „אַרטור"). דער דיכטער און

# אין אונדזער דור

דראמאטורג ה. לייוויק האָט זיגעלבוימס זעלבסטמאָרד אָנגערופן: עקדת זיגעלבוים. ז. שניאור פּרוּווט אין זיין דראמאטישער פּאָעמע „הערויקא אויף דער יידישער גאס" שילדערן זיגעלבוימס קאמף מיטן שאָטן. ח. ל. פוקס האָט געשריבן א פּאָעמע וועגן ש. זיגעלבוים. זיגעלבוימס נישט קאָנען מער לעבן, ווען די יידן אין פּוילן זיינען אומגעקומען און דער עיקר, זיין טאָט — איז דאָס נאָך נישט אָנגעשריבענע ליד.

און אוודאי וואָלט זיך זייער און זייער געוואָלט ברענגען לידער וועגן אויפשטאנד אין ווארשעווער געטאָ.

אָבער וועגן קדושה און גבורה אין ווארשעווער געטאָ מוז קומען א באזונדערע ארבעט.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. דער בלוטיקער שטורעם איז אריבער און די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן האָבן זיך אָנגעהויבן רייסן א קוק צו טאָן אויף דער פאַרלאָזטער היים. קיינער האָט נישט געוואָלט שלום מאכן מיטן פאקט, אז דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז געוואָרן קליין און איינגעדארט און די יידישע היימען וויסט און פוסט.

די יידן, וואָס זיינען געווען אין ראטן־פארבאנד, די וואָס זיינען געבליבן לעבן אין די געטאָס — אלע, אלע, האָבן געחלומט פון דער אייגענער היים, וואָס האָט אין די שווערסטע מינוטן ארויסגערופן אזוי פיל צערטליכע בענקשאפט צו פאמיליע און צו א לעבן, וואָס איז, ליידער, אוועק, פארשוווּנדן, חרוב געוואָרן.

ווער האָט זיך עס גאָר געקאָנט פאָרשטעלן און ווער האָט גאָר געקאָנט גלויבן אפילו, אז פון דריי און א האלב מיליאָן יידן אין פוילן וועלן בלייבן קוים, קרוב הונדערט טויזנט יידן. און אז אזויפיל שטעט און שטעטלעך, ווו ס׳האָט ממש געזונגען מיט יידישקייט, וועלן ווערן אויסגעליידיקט און ריין פון יידן. מ׳גייט איבער פוילישע שטעט, איבער וועגן אין פוילן און מ׳זעט נישט קיין ייד פאר די אויגן. אפילו נישט קיין דאָרפס־גייער. קומט א לעבנגעבליבענער ייד צו פאָרן אין זיין שטעטל אריין, דרייט ער זיך אָרום אן עלנטער און צעבראָכענער און ער האָט נישט צו וועמען א וואָרט אויסצורייידן, ווייל ס׳איז קיינער נישט געבליבן. איינציקע פּאָליאקן, אַמאָליקע שכנים זיינע, דערקאָנט ער יאָ, אָבער זיי שפּאָסן פון אים און פרעגן אים, ווי אזוי ער איז געבליבן לעבן. די שיל, די בתי־מדרשים זענען פארברענט, דער שול־בנין איז פארנומען, די יידישע הייזער און געוועלבן זענען פארנומען פון קריסטן. שפּאנט ער אזוי אָרום אויף בלוטיקע חורבות, ביז ער דערשלעפּט זיך צום בית־עולם פון שטעטל און... ער לייענט די נעמען אויף די שטיינגעבליבענע מצבות. שפּע־

## י. האָרן

טער דרייט ער זיך אַרום מיט טרערן אין די אויגן ביים אידישן מאַסן־קבר, ווו ס'ליגן זיינע נאָענטע און אייגענע. דער סוף איז, אַז נאָכן אָפּ־זיין אַ טאָג, אָדער צוויי אין זיין אַמאָליקער היים, גייט ער אוועק פון שטעטל און ציט אין אַ צענטער, ווו עס וווינען יידן, ווו עס לעבן חברים און נאָענטע. וואָרום עס וויל זיך אַזוי אָנהאַלטן כאָטש עפּעס פונעם אַמאָל און האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. דערציילן זיך געשיכטעס, אָנרופן העלדן פון שטעטל, רעדן פון די רעוואָלוציע־יאָרן, דערמאָנען, ווי אַזוי מ'האָט געשפּילט יידיש טעאַטער, געבויט אינסטיטוציעס, גע־אַרבעט אין די פּאַרטייען, אָנגעפירט ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרייזן און אַראָפּגעבראַכט „רעפערענטן" פון וואַרשע.

היים. קאָן מען דען איבערגעבן דעם טיפן צער, די אומגעשטילטע בענקשאַפט, וואָס דער מענטש טראָגט אין זיך צו זיין געבורט־שטאָט, אָדער שטעטל?

יונה ראָזנפעלד האָט אַ רירנדע שילדערונג פון נאָך דער וועלט־מלחמה 1914־18, וואָס ער לעבט איבער בעת ער קומט אין זיין געבורט־שטאָט און ער טרעפט מער נישט זייער שטוב. שטייט ער אַזוי ביים וויסטן פּלאַץ און די פייגעלעך, וואָס גייען אַרום אויפן פּלאַץ, ווערן אים אַזוי נאָענט, שיעור נישט אַ טייל פון זיין משפחה, וואָס האָט דאָרטן אַמאָל געלעבט.

ס. פּאַלמע, וואָס וווינט שוין אין לאָנדאָן מער ווי 30 יאָר, און אין משך פון אָט דער צייט איז ער שוין אויסגעוועזן אַ רייע לענדער, זינגט פונדעסטוועגן, אין זיין בוך „פּאַרוויסטע ערד", (דערשינען אין לאָנדאָן אין 1947) נאָך אַלץ: „כ'בענק נאָך מיין שטעטעלע, כ'בענק נאָך דעם געסעלע, כ'בענק נאָך דעם טייכעלע".

יאָ, אַזוי איז עס: עס בענקט זיך צו טאַטע־מאַמע, פאַמיליע, נאָענ־טע און עס דערמאָנט זיך דער אַמאָל.

היים־ווי. אונדזער ליטעראַטור — און נישט נאָר אונדזער ליטע־ראַטור — איז דאָך פול מיט היים־ווי. ווי זינגט דער גרויסער פּוילישער פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש: „היים־לאַנד מיינס, ביזט ווי דאָס געזונט, וואָס מ'דערשפּירט עס דעמאָלט, ווען מ'פאַרלירט עס".

לאָמיר־זשע ברענגען אייניקע לידער פון יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן

# אין אונדזער דור

זיך נאָכן בלוטיקן שטורעם צוריקגעקערט אהיים און זען וואָס זיי האָבן אין די היימען זייערע אַזוינס געטראָפן? ווער פון די פּאָעטן, וואָס מיר ציטירן ווייטער, עס זיינען שוין געוועזן באַקאַנט אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן און ווען די בלוטיקע צייט האָט אויסגערייפט.

ס. וויגאָדסקי שרייבט „אַ בריוו אַהיים":

„...כ'בין היינט געוועזן אין דער מוטער־שטאָט,
כ'בין היינט געוועזן אויף דער שטילער גאַס.
ס'איז נאָך ביים ברונעם דאָ דאָס שוואַרצע ראָד, —
עס טריפט דער עמער און דער שטיין איז נאַס.

כ'בין היינט געוועזן ביי דער וואַסער־זעג,
ס'ליגט דאָס שוואַרצע האָלץ געשטופּלט ווי אַמאָל
געלע זעגעכץ ליגט אויפן שמאָלן וועג,
כ'האָב געזען דעם באַרג, געזען דעם טאָל.

און דער טייך, געדרייט ווי אַ דינער גימל,
לויפט אין פעלד אַרויס און ווערט פאַרהאַלטן —
דאָרט ווו האָריזאָנט שפּאַנט זיך איין אין הימל,
און די נאַכט זויגט אויס אַ וואַסער־טרונק אַ קאַלטן.

כ'האָב געזען דעם מאַרק און דאָס אַלטע הויז,
ס'זענען טיר און טויער פאַרקלאַפּט און לער.
ס'האָט ביים פענסטער מיך אָנגעקוקט אַ גרויע מויז
און די שטוב איז פּוסט, און גאָרנישט, גאָרנישט מער.

כ'בין געוועזן היינט אויך אויף אונדזער הויף,
ווו ס'האָבן קינדער זיך געשפּילט אין גראָז.
ס'ליגט אַ צעבראָכן ראָד, אַ שוואַרצע שרויף,
אַ שנירל קרעל און אַ שטיקל גלאָז...

## י. האַרן

און פֿון יענעם בוים שיק איך דיר אַ בלאַט,
ס'איז פֿאַר אונדזער הויז געלעגן אויף דער גאַס,
ס'איז אָפּגעריבן אַלט, ווי פֿון אַ ספֿרם דף
וואָס איז אין דער היץ געוואָרן געל און בלאַס.

אויף דער צווייטער זייט באַדעקט מיט גרודקעס ליים,
אונדזער ערדישער נעכטן, אונדזער בייזער היינט.
ווען דו לייענסט דעם בריוו פֿון דער לערער היים,
וויין נישט, פֿריינט, ווי איך האָב נישט געוויינט."

(נאָוטינג, אָקטאָבער 1945)

און ווען רייזל זשיכלינסקי איז געקומען אַהיים, האָט זי געשריבן אַזוי:

„דאָ האָבן דייטשן געלעבט
אין אָט־אָ־די שטיבער
עס וויגט זיך, עס וויגט זיך די ערד
איבער ליימיקע גריבער.

עס האָבן דאָ דייטשן געטרונקען
ווייַן פֿון די זילבערנע בעכער.
בלייכן זיך ביינער אויף פֿעלדער
מיט טיפֿע אויגן לעכער".

(„יונגנט־וועקער", וואַרשע)

ווען אַ שפּאַציר אין אַ טויטער שטאָט זינגט דער יינגער דיכטער, יאַני פּיין פֿון ווילנע אין זיין בוך „אַ תּליה אונטער די שטערן..." (דער־שינען אין 1947 אין מעקסיקע) אָט די ליד:

„אַלע טירן צוגעריגלט,
אַלע פֿענצטער צוגעקלאַפּט,

# אין אונדזער דור

כ׳האָב זיך פֿון אַ לאַנגן חלום,
ווידער אויפֿגעכאַפּט.

כ׳גיי און גיי דורך טויטער שטאָט,
קיינער גייט ניט הינטער מיר,
בלויז דער ווינט מיט קרומע פֿינגער,
שפּילט זיך מיט אַ שלאָס פֿון טיר.

טונקל, טונקל, אַלע שטיינער,
שלאָפֿן מיט אַ האַרטן שלאָף,
בלויז דער ליץ אין מיר וואַכט אויף:
„מייזל-מענטשל, האָפֿ!"

וויל איך זאָגן אים אַ וואָרט,
און איך בלייב פֿאַרלוירן שטיין,
כ׳האָב פֿאַרגעסן אַזאַ וואָרט,
נענטער פֿון זיך אַליין...

דוכט זיך מיר, אַז אָן דעם וואָרט,
בין איך מער ניט איך,
ווערט מיר אַזוי שווידער-שרעקלעך,
וואָס איך לעב אָן זיך.

לאַכט פֿון מיר דער קליינער ליץ:
„קיינער, קיינער איז ניטאָ,
איך און דו א קורצער טרוים,
אין אַ שפּעטער ווינטער-שעה".

וויל איך פֿרעגן אים: ווער טרוימט אונדז,
שפּרינגט ער אויף און היפּט אַוועק,

## י. האָרן

ווײס איך ניט, ווער האָט פאַרטראַכט,
מיך און נאַכט און שרעק.

גײ איך, גײ איך דורך דער שטאָט,
ווער דערוואַרט מײַן קומען?
נאַכט און ווינט צעטאַנצן זיך
ווילד אַרומגענומען".

ווען זײַן גאַנג אַהײם שרײַבט דער דיכטער ישראל אַשענדאָרף אין אַ ליד:

„דאָס הויז וועט זײַן דאָס אײגענע.
כ'וועל דעם טויער טון אַן עפן:
אַנטקעגנקומען וועלן שכנים,
נאָר די מײַנע כ'וועל נישט טרעפן.

טרעפן וועל איך דאָס זעלבע מעבל,
נאָר די מענטשן זענען פרישע.
פרעמדע שלאָפן אין די בעטן,
פרעמדע עסן פון די טישן.

צוגײן וועל איך צו דעם פענצטער,
שטײן וועט דאָרטן אַ וואַזאָנע,
און אויף דער וואַנט וועט זיך הענגען
שטום און פרום אַן איקאָנע.

אין אַ ווינקל שטײן וועט אַ וויגל,
אין וויג — אַ קינד, בלאָ די אויגן.
פון אַ שטײגל פון אַ גרינעם
זינגט אַ וויג־ליד אים אַ פויגל.

הערן זײ נישט ווענט אין צימער
שלײַכן, שאָרכן שטילע שאָטנס:

## אין אונדזער דור

פילן זיי נישט ווענט אין צימער
ווייען קברים קאַלטע אָטעמס?

נאָך וווּרשט מיט קרויט און נאָך בראַנפן
רואיק שלאָפן זיי אינצווייען.
נאָך וועקט זיך נישט זייער קינד אויף
פונעם חלום מיט געשרייען?

וועקט זיך נישט דאָס קינד אַפילו
ווערט דער פויגל, ווענט אַ ווראָנע.
וועט אָנזאָגן טויט און חורבן
זיי, דעם קינד און דער איקאָנע!"

(„דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947)

אַ גרוס פון דער חרובער היים ברענגט אויך דער ייִנגער ייִדישער דיכטער מרדכי שטריגלער. אין זיין נישט־לאַנג דערשינענעם בוך לידער „פון אַ פרעמדן דור" זינגט ער:

„...אַט קום איך איצט אין מיין חרובער היים
ביי מיין שוועל האָט דער טרויער געלאָזט אַ ניט געשריבענעם בריוו
און אוועק ערגעץ אַליין אויף אַ משוגע צעיאַכמערטער שיף
מיטנעמענדיק אין זעקלעך מיין שוועסטערס געוויין...

מיט אַן אויפגעריסן מויל שטייט דער קאַסטן פון וועש
ווי געגענעצט וואָלט ער נאָך שלאָפלאָזע נעכט
און אין מיטן שטוב — אַ שמאַטע געפלעכט
צווישן צעבראָכענע קריגלעך און פאַרשימלטן מעש...

...היינט פלאַטערט אין דער לופט נאָך טויבע לאהם האנט...
און גאָלדעם וויים טיכל פון בעלזשעץ צוג—אַרוים

## י. האָרן

דער אומעט נעסטעט נאָך ביי מיר אין שוים
ווי אַ טרייער ברכה ברענגענדער בריליאַנט״.

און דער דיכטער ישעיה שפּיגעל זינגט אין אַ עלעגיע צו זיין פאַר־שעמטער געטאָ אַזוי:

„איך קני פאַר דיר, מיין היים, מיין טויט־פאַרברענטע באַלוט,
פון פייער־ים אַ שפּליטער — כ׳שטיי ווידער ביי דיין שוועל;
נאָך ברענען מיינע האָר פון לעצטע שייטער־פלאַמען,
אַ טויטן־גרוס איך ברענג דיר פון דערשטיקטער קעל.

אוי ווי איז מיר, מיין היים, און אַלע מיינע ברידער,
וואָס קלאָגן איצט ירמיהוס אַלט געוויין אויפסניי;
אַ פעלד וויסט—דאָס האַרץ, ווו ס׳פלאַקערט דאָרט דער דאָרן
און וויל פאַרברענט נישט ווערן נאָך אונדזער בראָך און וויי.

ווי אַ שאָקאָל איך וויין אין די פאַרברענטע געסלעך
און ס׳רינט נאָך אויף מיין פּנים אַראָפּ דעם הימלס שנאה;
כ׳בין פון מיין לעצטן דור דער לעצטער ייד צום שטאַרבן,
און — אפשר אונדזער טרייסט כ׳וועל אונטער אש געפינען?

ווידער שטיי איך דאָ — ביי יעדן שטיין און שוועל,
צום וויפלטן שוין מאָל איך צייל די טויטע נעסטן...
זיי האָבן דיך פאַרשעמט, מיין הייליק, וויסטע היים,
געשענדט דיך און דיין פרומע הייליקייט געלעסטערט.

ווי שיין ביסטו געווען, ווי שיין, מיין אָרעם באַלוט,
מיט יעדן שטיין און שוועל, מיט אַלטע, שיינע קלויזן;
דיין ערד קוקט איצט צו מיר ווי ס׳פּנים פון אן אבל,
און איך אליין — אַ נס, א נס פון הונדערט טויזנט.

## אין אונדזער דור

די קומענדיקע דיינע זענען — ווײַנענדיקע ווערבעס,
די לעצטע וואַנט — דער כותל אין הייליקן ירושלים;
צי ליגט אין אש באַהאַלטן אונדזער שם המפורש
דיין טויטע ערד מיט לעבן ווידער צו באַנייען?

ס׳איז נישט באַשערט געווען אַ, דיר מיט ביקס און מעסער
אויפשטיין קעגן שונא און אַנצינדן מרידה;
ווייניסטו אינדערשטיל... און ס׳איז דיין יאָמער גרעסער
ווי ס׳יידישע געוויין אין אַלע איכה־לידער.

נאָר איך — איך טו א נדר ביי דיין טויטער ערד,
מיין היים, מיין הייליק באַלוט, מיין געטאָ, מיין פאַרשעמטע,
כ׳וועל אָפּווישן פון פנים דיין אבלדיקע טרער
און אויפבינדן די טרייסט פון הערצער די פאַרקלעמטע".

(עלעגיע צו מיין פאַרשעמטער געטאָ, „פאָלקס־צייטונג", װאַרשע 9־טער אַפּריל 1948)

און דער דיכטער אברהם זאַק, דער מחבר פון אַ סך שטילע לידער, האָט צוריקקומענדיק פון ראטן־רוסלאַנד קיין פּוילן פאַרעפנטלעכט אין „די צוקונפט" אַ סעריע לידער און צווישן זיי „איך שטיי פאַר די אויוונס", וווּ ער דערציילט:

„איך שטיי פאַר די אויוונס מיידאַנקער,
איך זינג מיט פאַרבראָכענע הענט:
דאָ האָט מען געברענט מיינע ברידער,
דאָ האָט מען מיין אומה פאַרלענדט.

עס אָטעמט פון זייערע חללם
מיט שווידער מיט שוואַרצן אַצינד.
איך הער, דוכט זיך, די לעצטע געשרייען
פון מאַמע פון גרויער, פון קינד...

## י. האָרן

איך שטיי פאַרן אַש און פּאַר שאַרבנס —
די רעשטלעך פון מענטשיש געביין.
איך זע זיי, די קדושים, אין פלאַמען,
איך זע זייער הייליק פאַרגיין...

איך זע זיי, די גופים, אין קראַמפן,
אויף אייזנס צעגליטע און רויט.
אַהער איז מיין אומה געגאַנגען
אַזוי ווי סטאַדע צום טויט...

איצט זענען שוין פוסטע די אויוונס
און קאַלט קוקט דער קוימען אין דרויך.
ער שפּייט שוין אַצינד נישט צום הימל
מיט פינצטערן טשאַדיקן רויך...

איצט רוען די שופלעס שוין ליידיק,
צעקרימט איז דאָס בלעך שוין ביי זיי.
עס וואַרטן שוין מער ניט קיין גופים
צו העלישע אויוונס אין ריי.

נישטאָ שוין אַצינד די תּלינים. —
כ'זאָל הייבן מיט לויב איצט די הענט?! —
סיי ווי שוין מיין אומה געקוילעט,
סיי ווי דאָך שוין אַלע פאַרברענט.

איך שטיי פאַר די אויוונס מיידאַנקער,
איך זינג מיט פאַרבראָכענע הענט:
דאָ האָט מען געברענט מיינע ברידער,
דאָ האָט מען מיין אומה פאַרלענדט״.

# אין אונדזער דור

וועגן אָשוויענטשים שרייבט דער שריפטשטעלער לייב אָליצקי, דער עלטסטער פון די דריי ברידער יידישע שרייבער: לייב, ברוך און מטות. וואָס דער מיטלסטער פון זיי איז אומגעקומען. ער, לייב, דער מחבר פון „אַן אָקופּירט שטעטל", „הונטמאַן", „אין שיין פון פלאַמען", „ווענט האָבן אויערן" משלים א. א. האָט אין די „יידישע שריפטן" אין לאָדזש פאַרעפנטלעכט די ליד „ביים טויער פון אָשוויענטשים". ל. אָליצקי שרייבט:

„עס פאַלט דער ערשטער שניי און לייגט זיך אויף אָשוויענטשים.
כ'פאַרשפּרייט אויף אים די בלאַסע הענט און בענטש אים,
בענטש אים

פאַר זיין פאַרהילן מיט תכריכים מיינע אַשן,
וואָס ווינטן נישט פאַרבלאָזן, רעגנס נישט פאַרוואַשן.

זאָל שיטן אַט אַזוי אויף מיר דער שניי און שיטן:
פון אונטן אַש, פון אויבן שניי, און איך אין מיטן;
אין אַש פאַרטוליעט וויינען מיינע מידע גלידער,
דער שניי פאַרהילט צוזאַמען — מיך מיט מיינע ברידער.

און איך וועל ליגן אויסגעשפּרייט. עס וועט מיין אויער,
פאַרוואָרצלט אין דעם באָדן ביי אָשוויענטשימס טויער,
פאַרנעמען, וואָס עס שעפּטשען צווישן זיך די שטויבן
פון די פאַראַשטע קינדער מיט די שנייען אויבן:

— ס'האָט אונדזער רויך דערגרייכט דעם הימל און פאַריסט אים,
פאַרשוואַרצט זיין בלוי, זיין זון און שטערן און פאַרוויסט אים —
איז ווי זשע נעמט זיך עס צום הימל, צום פאַרזייען
די ערד, אַזעלכע ציכטיקע און ווייסע שנייען?

— אין הימל שטייט א בעכער פאַרן כביכול
מיט טרערן פון די אויגן פון דער מאַמע רחל,

## י. האָרן

האָט ער אין א י ם דעם שווארצן הימל אויסגעוואשן...
— און ווּ איז זי, די מאַמע רחל? — פרעגן אַשן.

פאַרטריבן פון איר קבר דורך דער בייטש פון גרוילן,
זי שלייכט איצט איבער שליאַכן פון מדינת פוילן.
„ווּ זענען — וויינט זי אוים די אויגן: — מיינע קינדער?"
און ערגעץ פון א שעכט־הויז מרוקען פחדים רינדער:

„מיר האָבן גראָז געפרעסן, גרינס מיט בלוט באַשפריצטעס,
און זייער בלוט מיר מעלה־גרהן אויך נאָך איצט עס".
— צו וואָס? — די שטויבן זיפצען: גאָר אַהער געגאַנגען?
זיי קאָנען אויך די מאמע נעמען נאָך געפאנגען!

— איר יאָמער גייט פאַרוים ,און זי שלייכט נאָך. אין געטאָס
איעדעס בלוטיק שטיינדל הויבט זי אויף און גלעט עס,
און דריקט עס, ווי אַ קינד, צום האַרץ, און פאָדערט, טענהט:
„לעש אוים זיך, זון אין מיינע טרערן, אָדער שיין ניט!"

זי גייט אַרויף אויף בערגלעך, גייט אַראָפּ אין גריבער,
און ווּ א פענצטער איז א חורבה, בייגט זי זיך אַריבער —
מיט שטיינערנער עקשנות שווייגט דער ברוך פון ציגל.
אַמאָל נאָר אויף א געזימס אַ טויב פאַרברעכט די פליגל — — — —

אַזוי אַ וועל איך ליגן, ווי אין קבר, ביי דעם טויער,
ביז חצות־צייט וועט דער שניי אַ שאַרך טאָן מיר אין אויער:
— די מאמע רחל קומט אָן באַרוועס קיין אָשוויענטשים. — — — —
— אוי, מאַמע, מאַמע! נעם מיין וויסן קאָפּ און בענטש אים".

און דער יינגער יידישער דיכטער פון פוילן משה שולשטיין, דער מחבר פון „ברויט און בליי" א. א., וואָס איז איינציקע יאָר פאַר דער

# אין אונדזער דור

צווייטער וועלט־מלחמה אוועק קיין פאריז און אין פראנקרייך דורכגע־
מאכט דעם בלוטיקן שטורעם. שרייבט צוריקקומענדיק קיין פוילן וועגן
מיידאנעק אַט וואָס:

„כ׳האָב געזען אַ באַרג
איז ער העכער פון מאָנבלאַן
און הייליקער פון באַרג סיני.
נישט אין גרוים — אויף דער וואָר, אויף דער ערד
איז ער געשטאַנען — אזא באַרג, אַזאַ באַרג האָב איך געזען
פון אידישע שיך אין מאידאנעק.
אַזאַ באַרג האָב איך דערזען.
און פּלוצלינג — ווי עס וואָלט אַ וווּנדער געשען —
כ׳האָב דערזען
ווי ער רירט זיך און רירט זיך פון אָרט!
און די טויזנטער שיך שטעלן זיך אוים אַליין,
צו דער מאָס, צו דער פּאָר, און אין רייען.
און גייען.
הערט אוים — הערט אוים דאָס אויסגעמישטע טרעטן
פון אלע גענג, פון רעבנס שטיבלעטן
און שטיוול פּראָסטע און געמיין
פון פּראָסטע יידן און קצבים שינדער
און פון געשטריקטע שיכעלעך פון קינדער
וואָס הויבן נאָר וואס אָן צו גיין.
מיט קלאַנגען אַלערליי די זוילן ראַשן.
געשאַרך פון חתנם געמזענע קאַמאַשן,
דער כלהם לעטשעלעך פון זייד,
זיי זיינען צו דער חופּה נישט דערגאַנגען...
איצט יאָמערן נאָך זיי די חופּה שטאַנגען
פאַרלאָזן ערגעץ אין אַ זייט...
מיר שיך פון ווארשע און פון יאַס,
פון מונקאַטש און פון אַטען,

## י. האַרן

וואָס פלעגן גיין צו מערק און וואַרשטאַטן
און גיין — און גיין בשלום אונדזער וועג —
אין קראָם, פאַבריק, אין קינדער־שול און חדר,
איצט גייען מיר — ירושה פון אַן עדה
וואָס איז פון אונדז אַוועק, אַוועק, אַוועק...
מיר זענען שיך, מיר זענען די לעצטע עדות!
מיר זענען שיך פון אייניקלעך און זיידעס.
אַ וואָרע פאַר די רייען, פאַר די פאָרן,
אַ וואָרע פאַר די דורות, פאַר די יאָרן,
אַן אָפּרו גייען מיר און קלאַפּן, קלאַפּן,
ס'האָט נישט באַוויזן אונדז אריינצוכאַפּן
דער תליון אין זיין רויבער זאַק.
איז גייען מיר צו אים — ס'זאָל יעדער הערן
די טריט — וואָס גייען — ווי דער פלום פון טרערן,
די טריט וואָס קלאַפּן אויס דעם פּסק.
און הערט און הערט — ווער ס'פלעגט אַמאָל נישט וועלן
דערהערן אונדזער גיין דורך טויטע שוועלן
איצט הערט — שטאָט איין, שטאָט אויס —
מיר גייען!
טויטער אָפּהילך פון אַ לעבן,
מיר וועלן קיינמאל אייך קיין רו נישט געבן
און גיין און גיין און גיין..."

איצט האַלטן מיר טאַקע נאָך דעם בלוטיקן מבול, אָבער עס דערמאָנט זיך פון פאַר מיידאַנעק און טרעבלינקע, ווען ער, דער יונגער משה שולשטיין, צוזאַמען מיט די יינגע יידישע דיכטער, זיינע נאָענטע חברים: בינעם העלער, משה קנאַפּהייס, זיינען געזעסן אין ערשטן צימער פון וואַרשע־ווער שרייבער־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13 און זיך געהיצט און אַרום זענען געשטאַנען די שרייבער דוד מיצמאַכער, נחמן בליץ, הערץ בערגנער, וואָס האָבן אַלע מיטגעאַרבעט אין דער וואַרשעווער יידישער טאָג־צייטונג "דער פריינט". די רעאַקציע אין פּוילן האָט אין יענע טעג שאַרף

# אין אונדזער דור

נעדריקט און דאָס אייגענע לעבן איז געווען שווער. ער, מ. שולשטיין, איז אָבער געווען גליקלעך, ווייל די שוישפילערן פון דער אַמאָל אַזוי באַרימ־טער „ווילנער טרופּע" פרידאַ בלומענטאַל, האָט אַריינגענומען אין איר רעפּערטואַר זיינס אַ ניי ליד, וואָס זי האָט רעציטירט אין די יידישע שטעט אין פּוילן.

היינט איז די יידישע היים אין פּוילן צו אונדזער אַלעמענס פּיין — אַ וויסטע חורבה.

ווי זינגט דער דיכטער נחום באָמזע אין זיין ליד „היים" (פּאַרעפנט־לעכט אין דער פּאַריזער „אונדזער שטימע"):

„איך האָב שוין גאָרנישט פון מיין היים.
מיין העמד איז ניי, די שיך שוין נייע,
נאָר ס'איז פאַרבליבן דאָס געוויין
פון די היימישע לוויהס.

עס טרעפט שוין אָפט: איך פאַרגעס
די, וואָס כ'האָב אַמאָל פאַרלאָזן.
קומט צו חלום מיר (וואָסער נס)
מיין מאַמעס קבר צווישן גראָזן.

זיי שלעכט צו מיר, נאַכט, זיי בייז, טרוים,
דערמאָן איך זאָל נישט פאַרגעסן:
פון אַלע ביימער איז נאָענט דער בוים,
דער אָפּגעדאַרטער פון מיין געסל.

פון אַלע טעג איז נאָענט די נאַכט,
וואָס פרוווט אין חלום מיך דערמאָנען,
פון אלע וועגן איז נאָענט דער שליאַך,
וואָס פירט צום קבר פון מיין מאַמען.
איך האָב שוין גאָרנישט פון מיין היים,
מיין העמד איז ניי, די שיך שוין נייע,

## י. האָרן

נאָר איך געדענק נאָך דאָס געוויין
פון די היימישע לוויהס".

און דער ייִנגער דיכטער פון פּוילן יוסף רובינשטיין, דער מחבר פון בוך לידער „מאָדעלן", וואָס איז ערב 1939, פּרעמירט געוואָרן פון יידישן פּען־קלוב אין וואַרשע, זינגט איצט וועגן זיין היים ווהין ער איז צוריק־געקומען נאָך אַזוי פיל וואָגלעניִשן און ליידן אָט וואָס:

„אַלע טויערן באַגלייטן מיך מיט שפּאָט
און אַלע ווענט דערציילן פון מיין פּיין מיר,
און רעדער גרילצן אויס אויף גאַס פון דער שטאָט
דאָס ליד פון זייער פרייד, דאָס ליד פון מיין נישט זיין מער".

נאָך אַ ייִנגער דיכטער פון פּוילן משה קנאַפּהיים, דער מחבר פון „מקום" אין וואַרשע, וואָס איז צוריקגעקומען פון אוזבעקיסטאַן טענהט זיך אויס מיט „צוויי אַלטע קאַשטאַנען אין געטאָ".
ער פרעגט:

„וואָס ווילן דאָ איצט די קאַשטאַנען?
צעצווייגטע מיט בלעטער געדיכט
זיי גרינען ארוים אומגעריכט
פון גליוועד — און טויט־פּאַנאָראַמע.
זיי שטייען אַזוי ווי געשטאַנען
זיי וואָלטן איצט פּאַר אַ געריכט.

וואָס קענט איר אונדז זאָכן געהיימע —
אַנטפּלעקן, דערציילן?.. איר שווייגט.
איר שטייט אַזוי טרויעריק פאַרנייגט
און אפשר איר פּוילישע ביימער
אויך איר האָט געוואָרפן אַן אימה
מיט אייער געשטרעקטן געצווייג?..
איר האָט דאָ פאַרנומען מסתמא

## אין אונדזער דור

די פיינען, געוויינען, געהויל;
ס׳איז אייך דאָך באַקאַנט גוט דער גרויל
פון קינדער, פון פרויען און מאַנען,
פון אַלע וואָס פלעגן דאָ שפּאַנען
צום גאַז־קאַמער — באָרוועס און הויל.

צו אייך דאָ אהער מ׳האָט געבראַכט דאָך
פון אויפשטאַנד די רעשטלעך — צום וואַנט.
צו גאַנצע משפּחות באַנאַנד, —
איר האָט דאָך זיי אַלע באַוואַכט דאָ, —
צופוסנס אייך זיי אומגעבראַכט מ׳האָט
ביי טאָג און ביי נאַכט — נאָכאַנאַנד.

און איר זענט געמיטלעך געשטאַנען,
ווי איצטער געבליט און געגרינט,
דעם חלום פון וואַקסן געשפּינט,
איר,
וואָס האָט דאָך באַדאַרפן פאַרוויאַנען
און אויסטריקענען ביזן גרונט.

איצט קרעכצן די אַלטע קאַשטאַנען.
מיט זייער אומהיימלעך גערויש
זיי קלאָגן און זאָגן נישט אויס...
אין אונדז בלויז זיי וועקן, דערמאָנען,
אַז דאָ איז אַמאָל ווען געשטאַנען
די היים — אונדזער וויג, אונדזער הויז.״

(„דאָס נייע לעבן“, לאָדזש, מערץ 1947)

## י. האָרן

און וואָלף פּאַסמאַניק קלאָגט אויס זיין ווײ און היימלאָזיקייט (פאַר־עפנטלעכט אין „יוגנט־וועקער", ווארשע, אַפּריל 1948) מיט פאָלגנדיקע שורות:

„איבער מיר לעשן זיך אויס די לעצטע שטראַלן ליכט.
איך שפּאַן צו טויטע געטאָ־ווענט;
דער טרויער שפּרייט אויס איבער מיין געזיכט
זיינע טונקעלע ציטערדיקע הענט.

אין דרויסן איז פינצטער, ס'וויינט דער ווינט.
איך הער א פויגל ציטערן פון שרעק און קעלט;
וואָס קען צו זיין נעסט נישט טרעפן אַצינד —
די פינצטער האָט צו זיין נעסט דעם וועג פאַרשטעלט.

און איך וואָגל עלנט אַליין
און איך רעד צום ווינט;
— ווו זאָל איך איצט געפינען מיין היים,
דאָרט, ווו כ'האָב מיין גאָלדענעם חלום געשפינט.

אין דרויסן איז פינצטער און פּוסט —
נאָר איך איינער דאָ וואַך;
איך הער אַראָפּוויינען פון דעכער דעם ווינט,
וואָס האָט מיך אַהער דאָ געבראַכט
איינגעהילט אין שוואַרצער פעלערין
פון דער נאַכט.
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

פרימאָרגן און זון־אויפגאַנג
האָט דער פויגל זיין נעסט געפונען צוריק,
נאָר מיר איז פאַרבליבן בלויז אין געדאַנק
די היים, דאָס פאַרחלומטע גליק".

## אין אונדזער דור

און אין דער „באַלאַדע פון יתום" זינגט אַ צווייטער יינגער דיכ־
טער מ. וואַלדמאַן אַזוי:

„גיי איך צו מיין טאַטנס הויז
טיר און טויער צוגעשלאָסן.
הער איך פון אַ שטוב אַרוים:
— ס'איז דיין טאַטע אויך געשאָסן...

רוף איך צו דעם פענצטער־אויג:
— עפן מאמע, עפן אויף.
טוט זיך וועק פאַר מיר אַ נויג:
— ס'איז איר קבר דאָ אין הויף.

גיי איך צו מיין זיידנס הויז,
איז די טיר אויף שלאָס פאַרמאַכט.
הער איך פון א שטוב אַרוים:
ס'איז דיין זיידע אומגעבראַכט.

רוף איך צו דעם פענצטער־אויג:
— באָבע האָסט מיך נישט דערקענט?
טוט זיך וועק פאַר מיר אַ נויג:
— זי איז לעבעדיק פאַרברענט...

גיי איך צו מיין שוועסטערס הויז,
קלאַפּ איך אין דער טיר אָן שטאַרק.
הער איך פון אַ שטוב אַרוים:
— אויפגעהאנגען זי אין מאַרק...

רוף איך צו דעם פענצטער־אויג:
— ברודער מיינער, דאָס בין איך.
טוט זיך וועק פאַר מיר אַ נויג:
— ער זוכט דעם וועג צו זיין משיח...

## י. האָרן

גיי איך פון דער שטאָט אַרויס,
דער טאָג איז ווי אַ ווונד צעגליט.
אַלע וועגן גייען אויס
און איך זוך מיין ברודערס טריט..."

(לאָדזש, 1947)

און יצחק יאַנאָסאָוויטש דערציילט מיט שרעק, ווי די טויטע קומען צוגיין באַנאַכט, ווען ער שליסט זיינע אויגן שוין צו. אין זיין ליד „זיי קומען באַנאַכט", שרייבט ער אַזוי:

„איך זאָג צו זיי: טויטע, נישטאָ שוין, נישטאָ מער
אין לעבן פאַר אייך, נישטאָ מער קיין אָרט,
ווען וועט זיך שוין אָפּטאָן
פון אונדז דער געיאָמער?
ווען וועט שוין פאַרגיין די דערמאָנונג פון מאָרד?

אין יעדן באַגין, ווען איך הויב זיך אָן גרייטן
צו דער לויטערער שיין פון אומשולדיקן טאָג,
וואָס קומט איר צו מיר דורך מיין קול אַ געשריי טאָן?
מיין תפילה פאַרטווישן
אויף אייער געקלאָג?

— מתים! גענוג שוין! גייט צו דער קבורה —
איך בעט זיך ביי זיי אין מיין שטילן געוויין —
תחיה נשמתכם הקדושים צרורה — — —
איך וואַרט און איך וואַרט
אויף דעם ענטפער: אמן."

(„יידישע שריפטן", לאָדזש, אויגוסט 1947)

אויך דער יונגער דיכטער, פסח בינעצקי, האָט אַהיים קומענדיק דערפילט אַ מוראדיקן עלנט, ווייל ער האָט נישט זיין געביין ווו אַהינצוטון און זיין קאָפּ ווו אַוועקצולייגן.

אין זיין ליד „מיין ירושה" דערציילט ער אָט וואָס:

# אין אונדזער דור

„אַ וואַנט איז געבליבן, אַן איינציקע וואַנט
און ציגל אַרום און צעשאָטענער זאַמד.

אַ פענצטער געבליבן עס איז אין דער וואַנט
אַן אויג אויסגעשטאָכן פון רוצחישער האַנט.

און ס'בליקט אַט דאָס פענצטער ארום צו דער וועלט.
און ס'ווייט פון זיין הוילקייט אַרום אַזאַ קעלט...

ווי ס'וואָלט גאָר דא קיינמאל קיין היים נישט געווען
און קיינמאָל דאס פענצטער קיין זון נישט געזען.

ווי ס'וואָלט דורך זיין אומעטיק-ליידיקער ברייט
זיך קיינמאָל געטראָגן קיין מענטשלעכע רייד.

און קיינמאָל קיין קינד זיך ביים פענצטער געשפּילט
דעם קינדערשן נייגיר ביים שויב נישט געשטילט.

נאָר אייביק, נאָר אייביק אַן אָפענע ווונד
פון וואַנט קוקט אַרום אַט דאָס פענצטער פאַרשטומט.

פון וואַנט, וואָס געבליבן אַן איינציקער שטיין —
אַ זכר פון אַלטער, פון יידישער היים.

אַ זכר פון קינדהייט געבליבן איז זי —
פון טאַטנס דער שווערער, פאַרעקשנטער מי.

פון מאמעס דער שטילער, באַהאַלטענער טרער —
איר אומעט-געזאנג, וואָס ביים וויג כ'האָב געהערט.

אַ שפּור פון מיין יוגנט געבליבן איז זי, —
פון טרוים פון דעם ערשטן, פון יוגנט און בלי.

## י. האָרן

איצט בין איך פון ווייטן געקומען צו גיין
און האָב געטראָפן צעקרישלטן ליים.

און האָב נאָר געטראָפן אַן איינציקע וואַנט
אין אַלטן, אין אייגענעם פּוילישן לאַנד.

טאָ וווּ זאָל איך הינטאָן דאָ איצט מיין געביין,
אַז כ׳בין מיט מיין בענקשאַפט געבליבן אַליין.

אַז כ׳בין מיט מיין טרויער געבליבן אין האַרץ,
און ס׳גרווילט פון מיין פענצטער די נאַכט אַזוי שוואַרץ.

און ס׳קוקט פון מיין וואַנט אַזאַ בענקשאַפט אַראָפּ
און כ׳האָב נישט וווּ נידערצולייגן מיין קאָפּ.

און ס׳איז מיין ירושה געבליבן נישט מער:
די בענקשאַפט אין האַרץ און די זודיקע טרער.״

(„יידישע שריפטן״, לאָדזש.)

און ווי זעט אויס וואַרשע, אָט יענער יידישער צענטער, וואָס האָט געגעבן דעם הויפּט טאָן אין דער יידישער וועלט?

שרייבער, שוישפּילער, מאָלער, פּאַרטיי־פירער, לערער, יוגנט — אַלע, אַלע האָבן געצויגן קיין וואַרשע.

וואַרשע מיט אירע צען טעגלעכע יידישע צייטונגען, 5 יידישע טעאַטערס, קולטור־אָרגאַניזאַציעס, שילן, בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך, חברות, וועלטעטיקע אָרגאַניזאַציעס, „ציש״אָ״־שולן, תרבות־שולן, „שול־קולט״, בית־יעקב, פּאַרטייען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, שולן אין העברעאיש, יידישע שולן אין דער פּוילישער שפּראַך און דער עיקר: אַ שטאָט מיט יידן, וואָס האָבן געלעבט יידיש.

דאָס אַלץ איז פאַרניכטעט געוואָרן און אין גאַנץ וואַרשע, וווּ ס׳האָבן געלעבט, געאַרבעט, געשאַפן אַריבער דריי הונדערט טויזנט יידן, לעבן נישט מער ווי אַ פּאָר טויזנט יידן.

## אין אונדזער דור

לאָמיר זשע הערן, וואָס דער דיכטער אברהם זאַק דערציילט אין זיין ליד „אויפן געגשער בית־עולם":

„די טהרה־שטוב איז שוין נישטאָ דאָ,
קיין שול און קיין תפילות, קיין ייד.
נישטאָ דער לוויות־געטומל,
נישטאָ דער בית־עולם יאַריד.

עס שטאַרבן שוין מער נישט קיין יידן:
קיין יידן נישטאָ שוין פון לאַנג.
אַ שטומקייט. קיין „אל מלא רחמים",
אַ שטילקייט. קיין כליפּ נישט קיין קלאַנג.

עס רוען די קברים אין עלנט,
זיי וואַרטן אויף עמיצנס אַ טרער.
אומזיסט! עס וועט קיינער נישט קומען,
קיין בלימל נישט ברענגען אַהער.

נישטאָ שוין מער אייערע נאָענטע —
זיי זענען שוין אַלע דאָרט הויך:
זיי זענען אַרויף אויפן הימל
דורך גאַזן, דורך פלאַמען, דורך רויך.

טאָ ליגט אייך, איר קברים, אין גרינקייט,
טאָ ליגט אייך אין אייביקער רו.
אַ ווינט נאָר וועט מאַכן הזכרה,
אַ ביימל נאָר שאָקלט זיך צו".

האַלטן מיר שוין ביי וואַרשע, ביי גענשע גאַס, איז פאַר וואָס נישט דערמאָנען די דזשיקע גאַס, דאָרט ווו ס'איז געלעגן אַ טייל פונעם האַרץ פון יידישן וואַרשע.

# י. האַרן

אמאָל האָט די גאַס געהייסן: דזשיקע. שפּעטער האָט דער וואַרשע־ווער מאַגיסטראַט אַ האַלבע גאַס אָנגערופן אויפן נאָמען פונעם ביאַליס־טאָקער ייד, דעם שעפּער פון עספּעראַנטאָ־שפּראַך, דר. ל. זאַמענהאָף. און ווו זענען קאַדיש מאַלאַדאָווסקים לידער א. נ. „דזשיקע גאַס״?

איצט איז סיי פון דזשיקע גאַס און סיי פון אַנדערע יידישע גאַסן, ווי נאַלעווקעס, גענשע מער גאַרנישט געבליבן. צום בעסטן רעדט פאַר אונדז יחיאל האָפּער פון וואַרשע, אין זיין ניי אָנגעשריבן ליד „דער כותל המערבי פון דזשיקע גאַס״:

„אַ ווענטל אויף מעריב איז געבליבן דאָ שטיין
אַ בית מקדש געווען איז דאָ קליין.

מיט ציטער הויבט אויף דער ווינט דעם טויטן שטויב
טראָגט אים אין הימל, וואָס איז בלוי ווי אַ טויב.

ס'בוקן זיך די ציגל, צו דער שטיינערנער ערד
און קושן די טריט וואָס מ'האָט אַמאָל דאָ געהערט.

וויפל רייכער וויי, וויפל אָרעמע פרייד
קינדישע ליבע און באַהאַרצטער לייד.

ס'פאַלן ניט מידע די הייסע טליתים
אַ פאַרטראַגענער ווינט פאַסט דאָ תעניתים...

וועל איך, דזשיקע גאַס, ניט געדענקען דיינע ווענט.
אָפּגעדאַרט זאָלן ווערן מיינע הענט!״

(„דאָס נייע לעבן״, לאָדזש).

וואָס זשע נאָך קאָנען מיר אַזוינס שווערן? וואָס זאָל זיין אונדזער פאַרלאַנג און וואָס אונדזער געבעט?

רייזל זשיכלינסקי, רחל ה. קאָרן, גיטע גוטערמאַן און קאַדי מאַלאַ־דאָווסקי — פיר יידישע דיכטערנס פון פוילן. וואָס דריקט זייערע הערצער און וואָס איז זייער געבעט?

רייזל זשיכלינסקי פון גאמבין וווינט ווייטער אין פוילן און פאָרט אַרום אַ צעפייניקטע, כדי זיך צוצוטוליען צו אַ יידישן צענטער.

רחל ה. קאָרן פון פשעמישל, גאַליציע, זוכט אַ נייע היים און איז געפאָרן קיין קאַנאַדע.

גיטע גוטערמאַן געפינט זיך אין פוילן. און קאַדיע מאַלאַדאָווסקי לעבט אין ניו יאָרק און איז פול מיט צער און אומרו.

אין אַ ליד „ברענג מיר בלוט פון דעם שונא", בעט רייזל זשיכלינסקי:

„ברענג מיר דאָס בלוט פון דעם שונא אויף דיין מעסער,
מיינע אויגן לויפן דיר אַנטקעגן אין די טייכן.
ברענג מיר דאָס בלוט פון דעם שונא אויף דיין מעסער,
וועט אונדז פרייסלעכער ווערן פון דעם רויטן צייכן.

ברענג מיר דאָס בלוט פון דעם שונא אויף דיין מעסער.
ס'מעג זיין שוין פאַרטריקנט, ס'וועט לעשן מיין האַרץ.
ס'וועט לעשן די שנאה, וואס ברענט אין מיינע אויגן
און מיינע גרויע האָר וועלן ווערן צוריק שוואַרץ.

ברענג מיר דאָס בלוט פון דעם שונא אויף דיין מעסער,
וועל איך קושן דיינע הענט לאַנג און פרום.
ברענג מיר דאָס בלוט פון דעם שונא אויף דיין מעסער,
וועל איך דיר שענקען די רויטסטע בלום."

(„נייע פאָלקס־צייטונג", לאָדזש, אַפּריל 1947)

## י. האָרן

רחל ה. קאָרן, וואָס וויל זיך אַביסל אויסוויינען און געפינען א וועג צו גאָט, זינגט אין איר ליד „מען זאָל קאָנען וויינען" אַזוי:

„מען זאָל קענען וויינען, מוז מען האָבן אַ שטוב,
היימלאָזע וויינען נישט מער —
נאָר, ווען ס'טרעפן זיך ווענט מיט אַ דאַך אינעם חלום
קומט אויך צוגאַסט די טרער.

מען זאָל קענען געפינען דעם וועג צו גאָט,
מוז מען האָבן פון וואנען צו גיין —
און ווער קען דען די תפילה פון אַ היימלאָזן גאַנג
באַנעמען און פאַרשטיין?

און דאָס היימלאָזע וואָרט זוכט דעם ברעג פון א ליפּ
אָפיר פון טיפסטן סוד —
ווען ס'גייט אויף אין אַ ליד, אין דער שטילסטער מינוט
איז עס איינזאַמער נאָך פון גאָט.

גיי איך נאָך יעדן וואָרט, יעדן היימלאָזן מענטש,
אַזוי היימלאָז און שטיל, ווי ער,
און ס'באַגלייט אונדז אין וועג די טרוימלאָזע נאַכט
און מיין מאַמעס לעצטע טרער".

און גיטע גוטערמאַן אין איר ליד „כ'וואָלט אַוועק אין דער ווייט" זאָגט אַזוי:

„כ'וואָלט אַוועק אין דער ווייט נאָך די טריט פון מיין קינד,
אַנטקעגן דעם לויף פונעם מזרח-ווינט,
צו דער שוועל פון באַרג-סיני איך וואָלט דערקלעטערט
ווו עס האָבן די זיידעס די תורה צעבלעטערט.
איך וואָלט געוואַנדערט יאָר אויס יאָר איין,

## אין אונדזער דור

די זון אויפן קאָפּ ווי אַ קרוג מיט וויין
וואָלט געשטאַרקט מיין גוף, ביז איך וואָלט דערגאַנגען
צום ירדן-טייך — צו דעם גאָלדענעם וויגל
ווו עס רוישט אַ כוואַליע פון ברעג צו ברעג,
מיט בלויע טומאַנען פאַרהאַנגען.
נאָר איך קאָן נישט פון דאַנען אַוועק:
כ׳בין פאַרקלעמט
אין אַ ראָד פון פאַרגאַנגענע וואָכן.
איך קאָן נישט אַריבער די בערג מיט ציגל,
איך קאָן נישט פאַרלאָזן די שוואַרצע ווענט,
וואָס שטומען צעבראָכן.

כ׳וואָלט אַוועק אין דער ווייט נאָך די טריט פון מיין קינד
אין אַ מאַנטל פון רויטן מזרח-ווינט.
מיר וואָלטן זיך גענומען פאַר דער האַנט,
אין אַ שאָטן פון כותל-מערבי — ביים ראַנד
געלאָשן דעם דורשט — אונדזער וואַנדערבראַנד.
מיר וואָלטן די ערד געקושט — ביידע,
די ערד פון אונדזערע עלטער-זיידעס.

נאָר איך קאָן נישט פון דאַנען אַוועק:
כ׳בין פאַרקלעמט
אין אַ ראָד פון פאַרגאַנגענע וואָכן.
איך קאָן נישט אַריבער די בערג מיט ציגל,
איך קאָן נישט פאַרלאָזן די שוואַרצע ווענט,
וואָס שטומען — צעבראָכן״.

(„יידישע שריפטן״, לאָדזש, אויגוסט 1947)

און די דיכטערן קאַדיע מאָלאָדאָווסקי בעט אין איר ליד „הבדלה״:

„גאָט פון אברהם,
באַשאַף אונדז א צווייטן בראשית.

## י. האַרן

מעג קיין זון זון דאָרט ניט שיינען —
דאָס ליכט האָט אונדז סיווי פאַרראַטן.
מעג דער ווינט דאָרט ניט זינגען —
ער האָט מיט די דייטשן צוזאַמען געטריבן
אונדזער פאָלק צו די שחיטה־וואַרשטאַטן.
מעג קיין ים דאָרט ניט רוישן קיין גרינער —
ער האָט געזונקען די שיפן — די שפּענדלעך
מיט אונדזערע לעצטע אַנטרינער.
מעגן בערג דאָרט ניט רייסן צום הימל די שפּיצן —
זיי האָבן דעם וועג ניט פאַרצאַמט פאַר די רוצחים,
אַ פּיצעלע קינד צו באַשיצן.

מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער שיינקייט.
מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער גבורה.
מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער שירה.
מעג איינשטיין קיין יורש ניט לאָזן.
מיר זענען אין חרם צוזאַמען
מיטן געטלעכן תמים שפּינאָזע.

באַשאַף אונדז אַ וועלט מיט אַ פּאַסיקל הימל,
און איינמאָל אַ יאָר זאָל אַ שטערן דאָרט שיינען,
און מאַכן הבדלה, און געטלעך פאַרטייטשן:
ס'איז אַ צווייטער בראשית,
אויסער וועלט פון די דייטשן,
אויסער חכמת הדמים.
און עס וועלן די קינדער אונטער פּאַסיקל הימל
ענטפערן: אמן ואמן".

(„אידישער קעמפער", ניו יארק, מערץ 1946)

לאָמיר דאָס קאַפּיטל: יידישע פּאָעטן, וואָס זענען אין די טרעבלינ־קעס נישט געווען, אָנהייבן מיט די שורות פון יינגן יידישן דיכטער יאָני פיין. אין זיין „א תליה אונטער די שטערן" זאָגט ער:

„אויף קיין תליה בין איך נישט געהאַנגען,
אין מיידאַנעק בין איך נישט געווען,
דאָך פאַרגיב מיר ס'טעגלעך ברויט,
כ'האָב דיין אומקום יעדער נאַכט געזען".

האָט דען ווער געקאָנט פאַרגעסן, אַז אונדזערע אייגענע אין די אַל־טע היימען ווערן פאַרברענט?

אמת איז, אַז קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן די גרויס פון אונדזער פאָלקס־בראָך. איז אויב מ'האָט נישט געגלויבט די טעלע־גראַמעס אין די צייטונגען, די קאָמענטאַריסטן אין די בלעטער, האָט אָבער די יידישע פּאָעזיע דורך אַלע וועגן זיך באַמיט אַרויסצוברענגען אונדזער וויי און אונדזער קלאָג.

דאָס וואָס מ'לייענט ווייניק לידער איז נישט גוט. אָבער, אַז ס'רוב יידישע לידער האָבן אויסגעדרוקט די עכטע פּיין אונדזערע, און אַז אונ־דזערע פּאָעטן האָבן געפילט אונדזער נאַציאָנאַלע טראַגעדיע, דאָס איז קלאָר. דאָ אַנטשטייט אָבער גלייך די פראַגע: צי זענען אונדזערע פיין און קלאָג־לידער געגוג שטאַרק אויסצודריקן אונדזער טראַגעדיע? דערויף זענען באַרופן צו ענטפערן די יידישע קריטיקער. ווי אַזוי עס זאָל אָבער ניט זיין, האָבן מיר נאָך לעת עתה ניט אַזאַ ליד אָדער פּאָעמע, וואָס

# י. האָרן

זאָל אין זיך כולל זיין דעם ביטערן גורל פון אונדזער פאָלק און דערביי איבערגעבן אלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט ערב און נאָך טרעבלינקע.

די יידישע פּאָעזיע אלס גאַנצע, און כמעט יעדער יידישער דיכטער פאַר זיך, האָט אָבער געפּרווט אַרויסברענגען אונדזער פּיין. דיכטער, וואָס זענען אין די לאַגערן נישט געווען, דיכטער וואָס האָבן די טרעבליר־קעס נישט מיטגעמאכט, האָבן אָבער זיך צונויפגעגאָסן מיט אונדזערע געפּייניקטע ברידער און זייערע לידער זענען איין שטיק ווייי און פאַלן פולשטענדיק צוזאמען מיט אונדזער צעפּייניקט געמיט.

אלס ערשטן וועלן מיר אָנרופן דעם שריפטשטעלער ז. סעגאַלאָוויטש. ז. סעגאַלאָוויטש, דער באַזינגער פון די „קרימער נעכט", דער דיכטער פון „קאַזשמירזש", דער שרייבער פון „ראָמאַנטישע יאָרן", פון א „לע־גענדע וועבט זיך", „דיווילדע צילקע", „אייביק איינזאַם", „צייטיקע טרויבן" און שפּעטער פון אומצייטיקע נאָוועלעס, וואָס מיט פיל פון זיי האָבן געאָטעמט אונדזערע שוועסטער און ברידער אין זייערע ליבע־יאָרן. ער, דער זייער באַליבטער נאָוועליסט און דיכטער פון „שורות אבט", איז געוואָרן דער ערשטער פון אונדזערע פאָלקס־מקוננים אויף חורבן פּוילן. ז. סעגאַלאָוויטש איז פון וואַרשע געלאָפן קיין קאָוונע, שפּעטער האָט ער זיך דערשלאָגן קיין ארץ ישראל, וווּ ער האָט אָנגעשריבן זיינע גרויסע קלאָג־פּאָעמעס וועגן פּוילישן יידנטום: „א בוים אין פּוילן", „נישטאָ", „טרעבלינקע", „איצטער" א. א. ז. סעגאַלאָוויטש איז געפאָרן קיין ניו יאָרק, אָבער קיין רו קאָן ער אלץ נישט געפינען, ווייל אומעטום זעט ער אונדזערע אומגעבראַכטע ברידער.

אין זיין „טרעבלינקע" זאָגט ז. סעגאַלאָוויטש אזוי:

„איך בין צו קליין דעם חורבן צו דערמאָנען,
איך בין אויף שטויב צעבראָקלט פון דעם גרויל...
דו ווייסט, וואָס הייסט? געשאָכטענע מיליאָנען...
מען קאָן עס דען אַרויסריידן פון מויל?
אין טייכן זיך געשפּיגלט ווייט און ווייט...
א דורות וווּקס, א דעמבע וואַלד געוואַקסן,

## אין אונדזער דור

אוּן יידן וועלטלעכע, השכלה לייט.
אַ וועלט געווען מיט לעבנס, עקזיסטענצן,
פון דורות אויסגעפרווּווט, ווי קיינער מער,
געשטרעבט, געוואַנדערט איבער אַלע גרענעצן,
און פיינט געהאַט מלחמה און געווער."

און אין זיין פּאָעמע „נישטאָ", וואָס האָט געמאַכט א טיפן איינ־דרוק אויפן יידישן לייענער אין דער גרעסער וועלט, זאָגט ז. סעגאַלאָ־וויטש:

„וואָס איך פאַרלאַנג און קום אייך בעטן,
איר זאָלט ניט דורכגיין און פאַרמיידן...
מען קאָן די מתים שוין ניט רעטן—
טאָ ראַטעוועט אַרוים דאָס ליידן.
איך גיב אייך איבער מיין צוואה
פאר צייטן אנדערע... אין פרידן,
איר זאָלט געדענקען די השפעה
און דעם באַדייט פון יענע יידן.
איר זאָלט מיט ליד און שכינה־צאָרן
מיט בלוט באַוויינען די אבדה,
ווייל גאָט אַליין האָט איצט פאַרלאָרן
די בעסטע דאַוונערס פון זיין עדה.
די שולן אונדזערע — רואינען,
און די בית־עולמס, וועלכע שרעקן,
איר וועט געפינען, געפינען, געפינען,
וואָס קאָן באַגייסטערן און וועקן,
אויף דורות־לאַנג זאָל עס פאַרבלייבן,
אויף אייביקייטן צו דערציילן...
אויף פאַרמעט קריצן און באַשרייבן
דעם אונטערגאַנג פון יידיש־פוילן".

## י. האָרן

און דער דיכטער מלך ראַוויטש, וואָס האָט אין אַרטיקלען און אין לידער אַזוי שטאַרק פּראָפּאַגאַנדירט צו אַנטלויפן פון פּוילן, אַוועקצוגיין פון „קאַזשע־געסל", שרייבט אין זיין ליד „ביטערער קדיש", אינעם בוך „67 לידער" (דערשינען אין ב. איירעס אין 1946) אָט די שורות:

„זייערע לעבנס — לעצטע קרעכצן אין ווינט,
זייערע נעמען — אַזוי פאַרגעסן און אַזוי אָפּגעווישט,
ווי נעכטיקע שריפט אויף אַ וואַסער־שפּיגל
מיט אַלע אייביקייטן אויסגעמישט.

מיט זייערע יאָרצייטן איז אָנגעשטאָכן פול
פּוילן, אוקראַינע, רוסלאַנד—ווי מיט סטערנעס אַן אַסיענדיק פעלד,
ליגט שטעכעדיק אַנטקעגן הימל און וואַרט
מען זאָל עס פאַראַקערן אין אַ נייער וועלט.

זייער געשיכטע פאַרשריבן מיט בלוט, שיילט זיך אויף תּפיסה־ווענט,
אָדער וואַלגערט זיך ערגעץ אין מיסט, אין אַ גרינער
פאַרשטאָפּטער פלאַש,
זייער לעבן איז געוועזן ווי פלעווע, וואָס פליט אַרום אין ווינט,
און זייער טויט איז — פליענדיק אַש..."

דער דיכטער און דראַמאַטורג ה. לייוויק, וואָס וויל זיך איינגאַנצן צונויפגיסן מיט אונדזערע געפייניקטע ברידער, האָט נאָך דער מלחמה באַזוכט די לאַגערן און אין זיין ליד „כ'האָב דאַכאַו אויך שוין געזען", שרייבט ער:

„כ'האָב דאַכאַו אויך שוין געזען
געזען דאָס פאַרבלייבעכץ פון שייטער.
און איצט — וואָס ווייטער?
מיין גאָט, מיין גאָט, וואָס ווייטער?

# אין אונדזער דור

כ׳האָב אָנגערירט שטעכעלקעם דראָט, —
כ׳האָב אָנגערירט טויט מיט די פינגער.
איצט, הייסט עס, דאַרף ווערן מיר גרינגער
צו לעבן — דאַרף ווערן מיר גרינגער.

פון דאַכאַו לאָז איך זיך גיין,
וואוהין? — קיין ניו־יאָרק, לויט מיין פּאַספּאָרט.
כ׳האָב אָפּגעשפּאָרט — וואָס? נאָך אַ האַס־וואָרט
צו טראָגן מיט זיך ווי אַ פּאַספּאָרט.

דיין לאַנד, דייטש, איז שיין און געמיין,
געמיין ווי דיין קין־פאַרוואַנדשאַפט,
פאַרשילט איך מיין וויסטע באַקאַנטשאַפט
מיט דיר אויף דיין בייערן־לאַנדשאַפט.

דיין נאַצישן שטערן געזען —
צי וויים איך איצט מער וואָס באַטייט ער? —
וואוהין גיין פון דאַכאַו ווייטער?
מיין גאָט, מיין גאָט, וואוהין ווייטער?״

ה. לייוויק האָט פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער „אין טרעבלינקע בין איך נישט געוועזן״ און אין איינער אַ ליד „וואָס זאָלן מיר טאָן מיט אונדזער גוטסקייט״ פרעגט ער:

„וואָס זאָלן מיר טאָן מיט אונדזער גוטסקייט?
וואָס זאָלן מיר טאָן מיט אונדזער רחמים?
וואָס זאָלן מיר טאָן מיט אונדזער וואָרט
דעם ניט־געשטילטן —
אַז מיר דאַרפן אויך היינט
ניט אויפהערן אייך צו שילטן, צו שילטן.

## י. האַרן

ווינד צו אונדז און וויי,
אַז מיר דאַרפֿן אין הילפֿלאָזן געשריי
אַפֿילו שוין נאָך דער מלחמה
ניט אויפֿהערן צו מאָנען נקמה, —
אַז ביים קבר פֿון יידישע קינדער,
וואָס איר האָט אין מיליאָנען געשאָכטן ווי רינדער,
באַדאַרפֿן מיר נאָך אַלץ פֿרעגן: פֿאַרוואָס אָ?
און ווידער און ווידער
וואַרפֿן צו אַלע הימלען
אונדזער צעשטויבטן שפֿוך חמתך.

וויי צו אונדז און ווינד,
אַז די נקמה פֿאַרן בלוט פֿון אַ קינד
האָט אַפֿילו דער שטן נאָך נישט באַשאַפֿן;—
אַזוי האָט שוין ביאַליק געזאָגט;
געזאָגט, און דערביי איז עס געבליבן
אויף פּאַפּיר נאָר פֿאַרשריבן.
און וואָס וואָלט עס געמיינט פֿאַרן שוואַכן און שלאָפֿן
ווען דער שטן וואָלט עס יאָ שוין באַשאַפֿן?
אין די טעג ווען עס רוען שוין די וואָפֿן
שטייען מיר נאָך אַלץ דערשיטערטע און גאַפֿן,
און זעען נאָך אַלץ אויף אונדזערע שוועלן און ווענט
אייערע בלוטיקע קין־הענט,
און די נקמה איז נאָך אַלץ ניט באַשאַפֿן.

מיר פֿאַרשילטן אייך, רוצחים,
מיר פֿרייען זיך מיט אייער מפּלה, —
מיר פֿאַרשילטן אייך אָבער נאָך מערער דערפֿאַר,
וואָס פֿאַרסממט האָט איר אונדזער האַרץ מיט קללה".

איציק מאנגער ווידער, דער דיכטער, וואס האט געזונגען וועגן

# אין אונדזער דור

„שטערן אויפֿן דאך", איבערגעדיכטעט „חומש־און מגילה־לידער" א. א., ער, דער דיכטער פֿון לויטערקייט און בלוי, זינגט אין זיינס א סאָנעט „פֿאַראַן אַ טרויער" אַזוי:

„פֿאַראַן אַ טרויער, וואָס וואַרגט זיך מיטן וואָרט,
אַ מרה־שחורה, וואָס וואַרגט זיך מיט געוויין,
אַ שנאה, וואָס קאָן זיך נישט אַליין פֿאַרשטיין
און חזרט כסדר איין איינציק וואָרט נאָר: מאָרד!

אין פֿייער רויכערט מיין טאַטנס ווייסע באָרד,
אַ קללה צאַפּלט צווישן זיינע ציין,
מיין שוועסטערס אויגן טרערן אין פֿאַרגיין
אַ שטומע טענה: „ווי האָבן זיי געטאָרט"?

די קללה און די טענה טרינק איך אוים ווי סם,
אומזיסט דיין חנדלען זיך, גערמאַניש־טעמפּער תּם,
מיט דיין זיסן שובערט־ניגון: „קאַמעראַד, פֿאַרצייַ!"
דו האָסט געהערט „איין בעכליין רוישן", איך אַ ים
פֿון בלוט און טרערן, פֿייערן און סם,
און פֿאַר דיין חרטה האָב איך בלויז — אַ שפּיי."

און אין אַ פּאָסטסקריפּט צו אן איבערזעצטער באַלאַדע (פֿארעפֿנט־לעכט אין די ניו־יאָרקער „געצעלטן" פֿון 1948), שרייבט איציק מאַנגער:

„ווו זיינען די איטשע מאַיערס, וואָס האָבן געגלויבט אין גאָט
און אָפּגעהיט געטריי די דורות אַלטע ספֿרים?
די מאַמעס, וואָס האָבן געצונדן שבת ליכט
און געוויינט איבער תּחינות און אויף קבֿרים;
די ברידער און שוועסטער פֿון ארבעט און נויט
וואָס האָבן די הייליקע שבֿועה געשוואָרן
צו באַפֿרייען די מענטשהייט? אלמאי ווו איז

## י. האָרן

דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן!
פרעג היינט, פרעג מאָרגן און פרעג טויזנט מאָל
און כאָטש דיין האַרץ ווערט צעזעצט פאַר ווייטיק און פאַר צאָרן.
דער ענטפער איז, אלמאי ווו איז
דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן!"

אין א ליד „שייטערהויפנס" זינגט דער דיכטער מאיר שטיקער פון ניו־יאָרק וועגן אונדזער פאָלקס אומגליק:

„זיי האָבן אויפגעשטעלט מיליאָנען שייטערהויפנס
אויף מיליאָנען ערטער —
האַנס און ווערטער,
זיגפריד און ברונהילדע —
און פאַרברענט די שעפעלעך די מילדע.

מיט פליים, מיט מי, מיט אייזלשן געדולד,
געקלאַפט די טשוועקעס און געדרייט די שרויפן —
אויפן אלטבאַקאַנטן אופן פון גערמאַנען.
די פויערים פון פעלד, דער גלח פונעם פולט,
די בויער פון טונעלן און פון אייזנבאַנען,
אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן,
דאָקטוירים, דיכטער, מוזיקער און אדוואקאטן —
האָבן גאָט און פאַך פאַראַטן
און מיט דלאָט און האַמער און אַ קאַלטער האַנט
אויסגעקלאַפט די גלאָריע פון זייער לאַנד.

זיי האָבן אויפגעשטעלט מיליאָנען שייטערהויפנס
אויף מיליאָנען ערטער —
האַנס און ווערטער,
זיגפריד און ברונהילדע —
און פאַרברענט די שעפעלעך די מילדע.

## אין אונדזער דור

איצט בליִען בלוטבלומען אויף בלומענבייטן
און בלוטקעפּלעך שפּראָצן פון דער ערד אַרויס
אין אַלע אייביקייטן.
אַ שוואַרצע מיטה איז איצט הויז נאָך הויז.
די ביימערצווייגן זענען אָפּגעבראָכן
און דאַר און קוואַר און אויסגעהוילט ווי קנאָכן
און פון יעדן שטענגל בעז
שטאַרן פּיאָלעטע אויגן פון אַ מת."

("יידישער קעמפער", סעפּטעמבער 1946)

און דער דיכטער אהרן צייטלין שרייט אויס צו גאָט: "דו ביזט דאָ"!

"ווען כ'זע, ווי נאָך מיין פאָלקס פאַרברענט ווערן אויף גאַז
לאַכט זון און ס'שפּילן קינדער אויף דער גאַס
און גאָרנישט איז געענדערט אין דעם גאַנג
פון מענטש — דעם וויסטן שפּראַץ פון חוהן און דער שלאַנג,
ווילט זיך מיר לייקענען און זאָגן: ביזט נישטאָ!
ביזט נאָר די גראַנדיעזע היפּאָטעזע
פון מיין אומגעבראַכטער גזע,
אַ חלום פון אַ תהלים-פאָלק, וואָס איז
פאַרברענט געוואָרן מיטן פאָלק צוזאַמען.

נאָר טראַכט איך טיפער פון מיין אומהם לעצטע פּיינען,
וואָס אַלע גיהנום-פלאַמען זיינען קעגן זיי
צעגייענדיקער שניי,
הער איך, ווי די פּיינען גופא שרייען,
אַז דו ביזט דאָ.

ווען ס'וואָלטן קיין יסורים נישט געווען אַזעלכע —
וואָלסטו געקאָנט נישט זיין. נאָר וויל עס זיינען
פאַראַן אַזעלכע, אָ, אַזעלכע פּיינען —

## י. האַרן

ביזטו פאַראַן אַזוי געווים ווי ס'איז
געווים מיין בראָך. אַזעלכע ליידן אָן אַ גאָט
וואָלטן געווען אַזאַ מין הפקרדיק געשפּעט,
אַזאַ מין תוהודיקער אָפּפרעג פון דעם עיקר,
אַז ס'וואָלט פון צופיל אומזין דער פּלאַנעט
זיך שוין לאַנג אַ וואַקל-געטאָן שיכור —
און צעפלויגן זיך אויף שטיקער".

(„יידישער קעמפער", יאַנואַר 1947)

א געפייניקטע שטימונג גיט איבער דער יידישער שרייבער אין אַר־גענטינע אביגדור שפּריצער אין זיין „כ'בעט אייך מחילה".

...„ברידער און שוועסטער, זקן און קינד
כ'בעט אייך מחילה אויף מיינע גרויסע זינד.
כ'בעט אייך מחילה פאַר שלאָף אויף מיין אויג.
כ'בעט אייך מחילה פאַר ביסן אין מיין מויל,
פאַר אָטעמען פריי, פאַר דעם שמייכל אויף מיין ליפּ.
פאַר יעדן פון מיינע נישט געבונדענע טריט.
פאַר דער מינדעסטער פרייד מיט מיין קינד, מיט מיין ווייב.
פאַר נישט צערייסן אויף זיך דאָס העמד אויפן לייב.
פאַר אַלץ און פאַר אַלץ — וואָס כ'האָב פאַר אייך ניט געטאָן —
פאַר מיין יעדערער רגע פון לעבן און רו".

ביז וואַנען — פרעגט דער יידיש־אַרגענטינער דיכטער משה קויפ־מאַן אין אַ ליד (אין זיין בוך „פון אַלע מיינע היימען") — וועלן מיר ציען דעם שוואַרצן פּנקס?

„די שטעטלעך אונדזערע — פּאָגראָם פייער צעצונדן,
די קישנס אויפגעטרענט מיט פעדערן צעפלויגן —
אַריינגעהאַמערט טשוועקעס אין די אויגן,
דאָס קינד און מוטער — בלוטנדיקע וווּנדן".

## אין אונדזער דור

...און דו מיין פאָלק, ביז וואַנען וועסטו צאָלן,
מיט אומשולדיק בלוט, וואָס הערט ניט אויף צו בריען;
— ביז וואַנען וועלן מיר דעם שוואַרצן פּנקס ציען?
ביז וואַנען וועלן מיר די שרעקנס בילדער מאָלן?״

אַ צווייטער יידישער דיכטער אין אַרגענטינע קהת קליגער, קלאָגט אין אַ פּאָעמע „כ׳וועל מיר קויפן אַ געלעכטער״:

„איך האָב געהאַט אַ היים,
אַן אַלט געזעסענע היים, ווי אַ שטילע
זומער נאַכט, ווי אַ אידיליע.
כ׳האָב געהאַט אַ היים מיט פריש-צעשמעקטן גראָז
און אַלטע ביימער מיט גרינע בערד זענען געווען,
נעסטן רויקע און געוואָרקעט האָבן טויבן
און פייגל און גרילן
פלעגן שפּילן און זינגען, זינגען און שפּילן;
איך האָב געהאַט אַ היים, אַן אייגענע נעסט
אויף גוטער, שטילער, זעטיקער ערד
פון דורות און דורות און דורות — — —
האָט מען זיי צערויבט, צעגזלט, צעשטערט
און איך האָב זיי פאַרלוירן
און איך האָב זיי פאַרלוירן.

איך האָב געהאַט אַ היים, ווי אַ בלויען פרימאָרגן
פון יאָרן און יאָרן און יאָרן — — —
האָט מען זיי פאַרברענט, האָט מען זי דערוואָרגן
אין פלאַם פון האַס, אין שטריק פון צאָרן.
איך האָב געהאַט אַ היים פון רו און פון קאָרן,
אַן אַלט געזעסענע פון יאָרן, און יאָרן און יאָרן״.

— „דו פרעגסט, וואָס שטיקט מיך אַ געוויין — שרייבט דער דיכטער אברהם לעוו פון גבעת-השלשה אין ארץ ישראל — אין זיינס אַ ליד, און ער ענטפערט:

## י. האָרן

„קיין ברודער ניט, קיין פריינט, קיין היים,
ווי ס'וואָלט געבוירן מיך אַ שטיין;
אַליין אויף גאָר דער וועלט אליין.
דער נעכטן אָפּגעמעקט, פאַרווישט,
דער היינט איז אויך נאָך אלץ פאַרוויסט
און כ'גיי אָרום ווי אין דער פרעמד,
עס וויינט פון צער אויף מיר דאָס העמד.
איך קער זיך אהער, איך קער זיך אַהין,
דער ווינט פון לינקס און רעכטס דער ווינט.
איך הויב די אויגן אין דער הויך
און זע אין יעדער וואָלקן, רויך
פון ברודערס לייב, פון שוועסטערס לייב
און ווינט צעטרייבט צעטרייבט, צעטרייבט...”

(„די שטימע”, מעקסיקע)

און אַט שילדערט די דיכטערן מלכה לי „ליכטיקע כלהס”, ווי אזוי:

„יונג־ליכטיקע טעכטער פון יידישן שטאַם —
אויף אַן אָפּענעם וואָגן די פערד אין געשפּאַן.

די קליידער צעפּליקט, עס בלוטיקט די הויט,
יידישע טעכטער מען פירט זיי צום טויט.

די רוצחים באַפוילן מיט שענדלעכע הענט
זיי נאַקעט צו פירן צום אויוון וואָס ברענט.

פאַר מערדערשע בליקן, צום המון געווענדט
יונג־ליכטיקע כלהס — די לייבער פאַרשעמט.

ס'איז פרילינג אין שטעטל, מיט בליטן די וועלט,
די יידישע טעכטער עס וואַרפט זיי אין קעלט.

## אין אונדזער דור

זיי האָבן קיין פּחד פאַר שמיץ און פאַר קלעפּ,
עס שלאָגט זיי אַ פראַסט: לייב איז אַנטפּלעקט.

דאָס הייליקע לייב, פון מאַמעס געהיט,
פאַרן ווילדן המון צום וואָגן געשמידט.

טראָגט איינע א טיכל אויף וווּנדיקן קאָפּ,
רייסט זי דאָס טיכל מיט אימפּעט אַראָפּ.

פאַרדעקט זיך דאָס לייב, ניט ווערן צו שאַנד,
איר פּנים אַ פייערדיקע זון ווען זי פלאַמט.

די מיידלעך זיי בויגן געפייניקטע קעפּ,
פאַרהילן דאָס לייב מיט אייגענע צעפּ.

זיי האָבן קיין מורא פאַר טויט און פאַר פּיין,
דאָס מיידלשע לייב פאַרשעמט זאָל ניט זיין.

אָ, הימל, רייס אָפּ דיין הימלישע דעק,
פאַרשעם ניט די טעכטער — זייער קערפּער פאַרדעק!

אָ, פערדעלעך פלינקע, יאָגט זיך געשווינד,
מאַכט אָן אַ שטויב, דעם שונא פאַרבלינדט!

שיק אַ טומאַן, פאַרנעפּל די לופט,
פאַרקויל די זון אויף קידוש־הגוף".

(„אונדזער פריינט", מאָנטעווידעאָ)

נאָר־וואָס האָבן מיר געבראַכט מלכה ליס אַ שילדערונג וועגן יידישע טעכטער, וואָס ווערן געפירט צום טויט. דאָס בילד וואָלט אָבער נישט

# י. הארן

געוועו גאַנץ, ווען מיר ציטירן נישט כאָטש א פראַגמענט פון אהרן צייט־לינס „אַ חלום פון נאָך מיידאַנעק", וועגן יידישע קינדער.

פון אהרן צייטלינס דיכטונגען, זייט חורבן פוילן, טריפט אזוי פיל צער, אזא סמיקער טרויער, פון וואָס עס איז זיך כמעט שווער אויסצו־ניכטערן. אין „אַ חלום פון נאָך מיידאַנעק" פרעגט דער דיכטער: וואָס זאָל איך ציילן? נעמען פון יידישע קינדער, דאָס וועט מיר היילן? און ווייטער שרייבט אהרן צייטלין אזוי:

....„בלימעשי. טויבעשי. ריוועלע.
לאהניו. פייגעניו. פערעלע.
חאַצקעלע. מאָטעלע. קיוועלע.
הערשעלע. לייבעלע. בערעלע.

שאַיעשי. חיהשי. גאָלדעשי.
מענדעלעך. געגענדעלעך. מינדעלעך.
כ'צייל אין דער נאַכט אין דער שלאָפלאָזער
נעמען פון יידישע קינדערלעך.

נעמען פון יידישע קינדערלאַך,
רחלעך, ראַכעלאַך, נעכאלאך,
געצעלעך, וועלוועלעך, וויגדערלעך,
יאַנקעלעך, יונהלעך, מעכעלעך.

קאָפּעלע, ווו איז דיין קעפּעלע?
ווו איז דאָס ליכט פון דיין אייגעלע?
ווו איז דיין הענטעלע, יענטעלע?
ווו איז דיין פיסעלע פייגעלע?

נעמען — דאָס איז געבליבן נאָר:
דבורהלע — דוואָשעלע — חיהלע.

### אין אונדזער דור

שמערעלע — פערעלע — סערעלע.
שימעלע — שיעלע — שייעלע.

ווער קאָן געפינען איצט משהלען?
שוויליקן, שמוליקן, שראָליקן?
גאָט האָט אויף זיי נישט דערבארעמט זיך,
האָט זיי געשאנקען עמלקן.

בלימעשי —טויבעשי — ריוועלע.
לאהניו — פייגעניו — פערעלע.
חאצקעלע — מאָטעלע — קיוועלע.
הערשעלע — לייבעלע — בערעלע.

אוים און נישטאָ מער די הערשעלעך,
העשעלעך, פישעלעך, הינדעלעך,
קלאנגען, בלויז קלאנגען, בלויז ליד-קלאנגען —
נעמען פון יידישע קינדערלעך.

ווו איז דיין פיסעלע, זיסעלע?
ציפעלע, ווו איז דיין צעפעלע?
רויך, ביסטו, יענטעלעס הענטעלע!
אש ביסטו, קאָפעלעס קעפעלע!"

נאָך דעם, וואָס מיר האָבן ביז אַהער ציטירט פון דער יידישער דיכטונג וועגן אונדזערע אומגעבראכטע טאטעס, מאמעס, שוועסטער, ברידער און קינדער, בלייבט אונדז איבער צו זאָגן יזכור. וועלן מיר טאָקע ברענגען צוויי יזכור־לידער. איינע פון ז. שניאור און די צווייטע פון יעקב גלאַטשטיין.

דער העברעיש-יידישער שרייבער ז. שניאור, זאָגט אין זיין „מיין יזכור" צווישן אנדערס:

## י. האַרן

„...איך בלייב זיצן פֿינצטער מיט פֿאַרקלעמטע ציין,
איך וואַרט... די גייסטער אייערע — זעקס מיליאָנען
טראָגן זיך אין קרייז, פֿון ערגעץ־ווו, צוריק,
ווי אָטאָמען אויפֿגעריסענע — ליכט דערמאָנען.

זיי וועלן באַלד באַפֿאַלן אונדזער קראַנקע ערד,
ווי אַן עק פֿון אַ קאָמעט — מיט בייזער קראַפֿט געלאָדן.
איין שמיץ... און ס'פֿלאַקערן אַלע קאָנטינענטן,
און לענדער פֿרעגלען זיך אין אייגן בלוט געבאָדן.

איר וואַרט. אין דער נאַטור גייט גאָרנישט ניט פֿאַרלאָרן,
אין דער געשיכטע — אויך ניט... ער מוז זיך באַלד צעקראַכן
דער פֿוסטער חלל, וואָס איז נאָך אייך געבליבן,
שליסנדיק זיין פּיסק אין קאָסמיש־ווילדן לאַכן.

שוין וואָלקענען אין וועלט־רוים די מאַרטירער־קרעכצן,
געדיכטער ווערן זיי, אין גיפֿט־גאַזן פֿאַרוואַנדלט.
באַלד נידערט דאָס אַראָפּ — אַ שטיקנדיקע כמאַרע —
אויף אַלץ וואָס רוט און טראַכט און יאָגט און האַנדלט.

פֿון אייער קדושים־אַש וועט ווערן דינאַמיט,
פֿון דורכגעברענטע קנאָכנס — שרעק־ביאַלן;
און ווען דער שטורעם קומט צעפֿייפֿט ער זיך אין זיי,
און דאַן איז ווי צו אייך, באַוואוינטע בערג און טאָלן"!

(„וועקער", ניו יאָרק, 1946)

און איצט, צום סוף פֿונעם קאַפּיטל, לאָמיר ציטירן דעם דיכטער פֿון שאַרפֿן וואָרט, דעם מוטיקן יידישן שריפֿטשטעלער יעקב גלאַטשטיין.

אין זיין בוך „שטראַלנדיקע יידן" (דערשינען אין ניו יאָרק אין 1946), זאָגט יעקב גלאַטשטיין אָט דעם „יזכור":

# אין אונדזער דור

„יונג און איצטיק זיינען די געוויינען פון אונדזערע קהילות.
ס׳בליט דער טוי אויף די בית עלמינס
פון אונדזער אַוונטיקן גלות.
אָפּגעפּרישט ווערן די ווערטער פון אונדזערע תפילות.
היינטיק די קלאָגן פון אונדזערע אל מלאס.
אומזיסט איז דער טויט פון יחיד און נאַריש.
דער מאַרטירער טויט פון מיליאָנען איז לעגענדאַריש.

נאָך אַזוי פיל טויטן שטייען מיר אויפסניי געבוירן.
זיי האָבן אונדז געגעבן לעבן.
טויטערהייד האָבן זיי אויפגעפּראַלט די געטאָ טויערן,
און אַרוים פון קנעכטשאַפט הויך־דערהויבן —
זיי האָבן אונדז געגעבן גלויבן.

ווען נישט זייער ווונדערלעכער קרבן,
וואָלטן מיר אַלע פאַרשעמטערהייט געשטאָרבן,
אָן נקמה, אָן טרייסט, אָן האָפן.
נישט זייערע באַצווינגער צו פאַרוויילן,
האָבן בלינדע שמשונס אַ טרייסל געטאָן די זיילן,
זיי זענען אַרוים פאַרברעכן צו באַשטראָפן.

נישט אין באַהאַלטענעם גערילאַ־קאַמף,
אין דערשראָקענעם לאָקער און פאַרגנבע,
נישט אין באַזונדערניש, נאָר אויף אַ זוניקער קאַנווע,
האָבן אונדזערע ברידער געצייכנט אָפענעם רעוואָלט.
די אָנגעשראָקענע האָבן זיך פאַרשטאַלט.
דער שונא האָט באַצאָלט.

לאָמיר זיי פאַרשרייבן ברידער,
אין אַ נייעם מחזור, אַ נייעם סידור.
אונדזער גאַנץ מאַרטירער לעבן אַנטקעגן זיי ווערט בטל,

## י. האָרן

ס׳קען רשעות לאַנג ניט זיצן אין זאָטל,
ווייל זייער געדעכעניש יאָמערט אויף אַלע וועגן.

אין אַלע תפילות לאָמיר זיי דערמאָנען.
אין אַלע יזכורם וועלן מיר זיי באַוויינען.
אין אַלע יתגדלם זאָל מען זיי דערקאָנען.
אונדזערע אַלע התקוהם זאָלן זיי באַשיינען.״

(פון י. גלאַטשטיינס בוך „שטראַלנדיקע יידן״)

די וועלט גייט טאקע נישט אונטער, אָבער נאָך דעם, ווי „אַלע וועגן האָבן געפירט צום טויט, אַלע ווינטן האָבן געאָטעמט מיט פּאראַט, אויף אַלע שוועלן האָבן געהאַוקעט בייזע הינט, אַלע נעכט זענען פול געוואָרן פון אונדזער שרעק, און גאָט האָט באַהאַלטן זיין פּנים", ווי עס זינגט די דיכטערן רייזל זשיכלינסקי אין אירס אַ ליד (אין „דאָס נייע לעבן", וואַרשע כ"ט אייר, תש"ח) איז מער ווי אַביסל שווער צו געפינען טראָפּנס האָפענונג. גייט אונדז דען אין מאַכן וועלכע עס איז פאַלשע חשבונות, אָדער אין אָנבלאָזן זיך די באַקן מיט אָפּטימיזם? אַרומנעמענדיק אפילו אַלע פאַרמעסטן, וואָס ווערן געמאַכט צוריק אויפצובויען יידיש לעבן אין די חרוב געוואָרענע היימען, ברענגט עס נאָך אַלץ נישט קיין רו. און וויפל חתונות עס זאָלן נישט פאָרקומען צווישן די לעבנגעבליבענע און וויפל יידישע קינדער עס זאָלן שוין נישט האָבן געבוירן געוואָרן אין די לאַ־גערן, ברענגט עס נאָך אַלץ נישט קיין פרייד.

די יידישע שריפטן פון פוילן, פּאַרטיי־אויסגאַבעס, בלעטער פון די די לאַגערן, וויפל זיי זאָלן נישט דערציילן וועגן יום־טובים, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, יאָמערט דאָך פון אַלע באַריכטן אַרויס אַ שרעקלעכער טרויער.

— „בלייבט, לאָזט אונדז יתומים דאָ אַליין נישט איבער" — בעט זיך דער יינגער דיכטער פון פוילן לייבל קופּערשמיד אין זיין ליד „אַ שטים פון ביינער־טאָל". דער דיכטער פרעגט:

„ווער וועט איבער אונדז אָן אל מלא רחמים מאַכן?
ווער וועט מיט זיין געוויין איבער אונדזערע קברים וואַכן?
ווער וועט אונדז אַ ליכטל שטעלן?

## י. האָרן

אַז איר פאַרלאָזט אונדז ווי און ווינד און שאַנד,
און לויפט אַוועק פון אונדז אין מערדערם לאַנד.
און ווען די גאולה־שעה וועט שלאָגן פון וואַן וועלן מיר וויסן?
אַז איר האָט אַלע גורל־בענדער מיט אונדז איבערגעריסן.
אפילו נישט געזעגנט זיך מיט אונדזער לעצטער פּיין,
און איר אַנטלויפט, אַנטלויפט פון זיך אַליין.
וואָלט די יוגנט אונדזער ווי אין פרייד פאַרוועבט
מיר וואָלטן לאַנג־נאָך איבער אונדזער שרפה־טויט געלעבט.
אייער האָפענונג און טרייסט וואָלט אונדזער שטויב געגעבן אַ תיקון.
כאָטש צעמאָלענע נאָר מיר וואָלטן קיינמאָל נישט פאַרטריקנט.
וואָלט איר מיט אייער מי און שוויים די ערד באַגאָסן,
אונדזערע שליסל־ביינער וואָלטן זיך מיט אייער לייב צונויפגעשלאָסן.
און איר טראָגט אויף די שיך אַוועק דעם שטויב פון ביינער־טאָל,
-- בלייבט, לאָזט אונדז יתומים דאָ אליין נישט איבער".

(„פאָלקס־שטימע", לאָדזש, 9־טער יוני 1948)

אזוי רירנד בעט זיך אַ יונגער דיכטער ביי די לעבנגעבליבענע יידן, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען און גייען אַוועק פון פּוילן.

אין פּוילן איז נישט געבליבן קיין איין גאַנצע יידישע פאַמיליע, איז ווי נאָר מ'קומט זיך צוזאַמען מאַכט מען דעם חשבון, ווער אַלץ עס פעלט. און ווירקלעך: קאָן דען אַ לעבנגעבליבענע מאַמע פאַרגעסן אירע פאַרברענטע קינדער אפילו, ווען זי האָט שוין אויפסניי חתונה געהאַט? און צי קענען מיר אַלס פאָלק פאַרגעסן אונדזער בראָך?

ווי אַזוי זשע זאָל אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע אַרויסגעבראַכט ווערן?

די לעבנגעבליבענע יידישע שרייבער אין פּוילן דיסקוטירן אין די דאָרטיקע אויסגאַבעס וועגן דעם: צי קאָן דער אַלטער פּראָזע סטיל אָנגע־ווענדעט ווערן לגבי דער באַשרייבונג פון אונדזער טראַגעדיע? די פּאָעזיע האָט שוין אָבער אין אַ היפּשער מאָס געפונען דעם אופן, ווי אַזוי אַרויס־צוברענגען אונדזער פּיין און ווי.

אָט זינגט דער דיכטער א. סוצקעווער אין זיין ליד „אין טאָג פון דער גאולה":

## אין אונדזער דור

„אין טאָג פון נצחון, ביים הייבן דעם בעכער,
איך וויל מיט די טייערסטע טרינקען לחיים!
נאָר אויסגעברענט פלעקיק די צייט איז מיט לעכער, —
עס פעלט דאָרטן יאַנקל און ס׳פעלט דאָרטן חיים.

און כ׳קען מיט מיין האַרץ ניט פאַרלאַטען די ריסן,
דאָך טאָר איך ניט בלייבן ביים יום-טוב קיין אבל.
צעעפן זיך פרילינג, איך קום דיך באַגריסן!
און ס׳טוט זיך אַן עפן דער ערדישער טאָוול״.

„...איך זינק מיטן בעכער צו זיי, וועמעס חלום
די וואָר האָט באַלויכטן מיט הייליקע שווערדן.
„איך ברענג אייך דעם וויין פון נצחון און זאָל אים
פאַרזוכן די עדה, פאַרחתמעט אין ערדן!״

ווי אַ שבועה ווערט אויף יידישע מאסן-פאַרזאמלונגען געזונגען און מיט הייליקן ציטער ווערן ביי הזכרה-אָוונטן געזאָגט הירש גליקס „זאָג נישט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג״.

„זאָג נישט קיינמאָל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
ווייל קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס׳וועט אַ פויק טאָן אונדזער טראָט מיר זענען דאָ.

פון גרינעם פאַלמען לאַנד ביז וייטן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין מיט אונדזער וויי,
און ווו געפאַלן ס׳איז אַ שפּראָץ פון אונדזער בלוט
שפּראָצן וועט נאָך אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס׳וועט די מאָרגן-זון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווונדן מיטן פיינט,

## י. האָרן

און אויב פאַרזאַמען ס'וועט די זון אין דעם קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז נישט קיין ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט,
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

דערפאַר זאָג קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
ווייל קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט מיר זענען דאָ."

(זאמלונג פון קאצעט און געטא לידער, פון זאמי פעדער, בערגען־בעלזן, יאנואר 1946)

און איצט לאָמיר לייענען די „פריידיקע געזאַנגען", וואָס קומען פון די לאַגערן פאר היימלאָזע און אויסגעוואָרצלטע.

ק. ל. טענענבוים שרייבט:

„מיר גייען אום אין פעלדער פול מיט זאנגען,
העל באַשטראַלט די זון דעם גרינעם טאָל;
הילכיק קלינגען אונדזערע געזאַנגען —
ס'גיסט זיך צוריק די פרייד, די פון אַמאָל.

ס'גייען יונגען מוטיקע און פלינקע
מיט רוקנס נישט געבויגן, מיט שטאָלץ און מאכט;
נישט געווען איז גאָר מיידאנעק, נישט טרעבלינקע —
ס'איז אַ חלום נאָר אַ בייזער אויסגעטראכט.

אָט זענען זיי דאָך אַלע מיט אונדז צוזאַמען
און גייען מיט מיט אונדז אין אונדזער גאַנג:
אַלע פון די אויוונס, פון די פלאַמען —
טראָגן מיט מיט אונדז דאָס פריידיקע געזאַנג.

## אין אונדזער דור

די פון וועם עס איז נאָר אש געבליבן —
מוטיק שטעלן זיי מיט מיט אונדז דעם טראָט,
אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן,
די פון קרעמאַטאָריעס און די פון עשאַפאָט.

אַלע די דערשטיקטע און וואָס דערוואַרגן
און וואָס פון הונגער אויסגעגאַנגען אין דער שטיל,
אַלע גייען מיט מיט אונדז אין ליכטיקן פרימאָרגן
שפּילן מיט מיט אונדז אין אונדזער יום-טובדיקער שפּיל.

גייען מיר אַזוי אין פעלדער פול מיט זאַנגען
און העל באַלויכט די זון דעם גרינעם טאָל;
עס פאַרהילכט פריידיק אונדזערע געזאַנגען
און ס'קערן אום צוריק די צייטן פון אַמאָל".

(„אדמאנטער היינט", לאנער־צייטונג, אָקטאָבער 1947)

עס וואָלט אוודאי נויטיק געווען צו מאַכן אייניקע פאַרגלייכן, אָדער גאָר צעגלידערן אַ רייע לידער. טראַכט איך, אַז מיר, די וואָס זענען געווען פון ווייטנס, הגם מ'האָט אַלע אונדזערע נאָענטסטע אויסגעהרגעט און אונדזערע געמיטער זענען פאַרגאָסן מיט בלוט, האָבן אָבער פאָרט לעת עתה קיין רעכט נישט זיך אַריינצומישן, ווען עס רעדן אונדזערע קדושים, סיי די וואָס זיינען געפאַלן און סיי די וואָס זיינען געבליבן לעבן און זייערע לידער זיינען עדות פון אונדזער דור.

וועמעס דיכטונגען זענען עכטער און ווירקנדיקער?

אויך אויף דער דאָזיקער פראַגע באַדאַרפן מיר איצט נישט ענטפערן, ווייל זי איז אויסער די גרענעצן פון דער באַהאַנדלטער טעמע. דער מחבר פונעם בוך האָט זיך לגמרי נישט געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע צו שרייבן ליטעראַרישע קריטיק. ער האָט זיך בלויז געשטעלט פאַר אַ ציל: אָפּצושפּיגלען אויף וויפל ס'איז מעגלעך, מיט דער הילף פון יידישן ליד די טראַגיש־פינצטערע־בלוטיקע צייט פון ערב און נאָך טרעבלינקע פאַר אונדזער פאָלק.

# י. האַרן

אַנגעהויבן האָבן מיר דאָס בוך מיט אַ שילדערונג פון פּוילן אין 1937, ברענגענדיק ציטאַטן פון יחיאל לערערס „מיין היים". איצט, ביים אייגנטלעכן סוף פון דער באהאנדלטער טעמע, קומען מיר ווידער צוריק צום אָנהייב.

דער פּאָעט יחיאל לערער ע"ה, האָט זיין פּאָעמע „מיין היים" (דער־שינען אין וואַרשע אין 1937) אָנגעהויבן מיט פאָלגנדע שורות:

„נאַקעט ווי אדם"? — נישט גוט געזאָגט.
יענער האָט גאָרנישט און אַלץ דאָך פאַרמאָגט:
א גלויבן, א גאָט און פרייד פון אַ קינד,
און שרעק פון אַ קינד און מורא פאַר זינד.
נאַקעט בין איך, נאַקעט אויף אַ וואָר
אין טויזנט ניינהונדערט זיבנאונדרייסיקסטן יאָר.
כ'בין די מדבר אליין, איר זאַמד דאָס פאַרברענטע,
אַ שול אַ פאַרשוועכטע פון שונאים געשענדטע,
אַ שוואַלבן־נעסט הארבסט־צייט, ווען ס'פאַלן די בלעטער,
א חורבה — א זכר נאָך געשטאָרבענע געטער,
אַ ביידל אין סאָד אונטער ווינטער־שניי בלייכן —
און נאַקעטער נאָך ווי די אַלע פאַרגלייכן."

און צום סוף פונעם קאַפּיטל לאָמיר ציטירן אַ יינגן יידישן דיכטער, וואָס לעבט אין פּוילן. דער יינגער ש. סימכאָוויטש פאַרענדיקט זיין פּאָעמע „פייער", וואָס איז דערשינען אין אַפּריל 1948, מיט אָט די ווערטער:

...ווידער האָט ס'פייער פון טויט זיך צעפלאַקערט,
מיט זריעה פון האַס די ערד דאָרט צעאַקערט,
אין ימים פון האַס מיין היימלאַנד דערטרונקען,
אין פייער פון אש מיין דור איז פאַרזונקען,
די געטאָס אין פלאַמען — א ריזיקער שייטער,
וואָס קנוילט זיך צום הימל מיט רויכיקן אייטער,

# אין אונדזער דור

אין בלוטיקע נעפּלען, אין רויכיקע אַשן,
עס זענען די שטיינער פון היימלאַנד געוואַשן.
צעבראָכן איז וואַרשע — דער מקדש פון פּוילן,
און ס'שטאַרן די חורבות ווי טויטע געהוילן,
אַ יעדערער מויער — אַ כותל־מערבי.
נישטאָ ווער ס'זאָל וויינען, נישטאָ מער דער נביא,
אין רויכיקע קנוילן פון בלוטיקע פלאַמען
עס ווערן פאַרמישט און פאַרפלאָכטן צוזאַמען
דאָס פייער פון טויט און ס'פייער פון לעבן —
דער גאָט מיטן טייוול פּנים אל פּנים,
אין טויטן געראַנגל זיך ביידע דערקענען...

און מיר, די לעצטע, געקומען פון בונקערס,
מיר צינדן אויפסניי אין לאַנד פון די יונקערס,
איר זעט איצט דאָס פייער, וואָס מיר האָבן צעצונדן,
ווי ס'רייסן זיך הויך זיינע פלאַמיקע צונגען?
דאָס ברענט איצט דער פּיין, דאָס ברענען די ווונדן,
פון טויזנטער לעבנס פאַרשניטענע יינגע,
געברענט אויף די שייטערס צעקלאַפּט פון געוויטער,
פון הייליקן פייער מיר ווערן די היטער,
דאָס ליכט פון די זיידעס זאָל נישט ווערן פאַרלאָשן
און ס'זאָל נישט פאַרגיין זייער קלאַנג, זייער לשון —
געלייטערט אין פּיין, געצוואָגן אין שטורעם,
מיר הויבן זיך ווידער אַרויף ווי אַ טורעם!"
הלוואי, זאָל עס טאַקע אַזוי זיין!

(„יוגנט־וועקער", וואַרשע.)

פונקט ווי מיר מוזן לערנען יידישע געשיכטע, אזוי דארפן מיר לערנען יידישע פּאָעזיע, אויב מיר ווילן דערשפּירן די זאפטן פון אונ־דזער לעבן. און ווער נאָך איז אזוי להוט און ווער נאָך האָט אזא דורשט צו פּאָעזיע, ווי יוגנט? אָט, טאקע די יוגנט, צו וועמען עס ציט אונדזער בענקשאפט — דער יינגער דור אויף וועמעס אקסלען עס רוט דער מאָרגן פון אונדזער פאָלק.

דאָס עכטע יידישע ליד און איר מחבר פילן זיך אָבער עלנט אין דער היינטיקער צייט. און נישט איינמאָל דורכט זיך אוים דעם יידישן שריי־בער, אז אלץ, אלץ איז שוין אויסגעפּרואווט געוואָרן — אלע „נייע" רייד זענען דעריבער ארויסגעוואָרפן. נאָך מער: פאַראַן צווישן יידישע שרייבער אומהיילבארע שווארצזעער, וואָס זעען שוין אפילו ווי מ'קלאַפּט די לעצטע טשוועקעס אין יידישן וואָרט אין די אמעריקעס. אויב אזוי, פארוואָס־זשע ארויסווייזן אזוי פיל וואכזאמקייט צום יידישן ליד, בעת די יידישע פּאָעזיע איז בלויז א טייל פון דעם יידישן שאפן, וואָס ברענגט ארוים אונדזער אייגנארטיקייט — אלע אונדזערע נאציאָנאלע און סאָ־ציאלע שטרעבונגען און האָפענונגען.

אמת, די אסימילאציע שטיקט דאָס יידישע לעבן מיט אזא קראַפט, אז נישט איינמאָל ווערט אונדז קאלט ביים אָנקוקן זיך... נאָך ערגער איז אָבער דער צושטאנד אין דער יידישער שטוב. נאָר ווען האָט מען יידיש נישט גערודפט און נישט מינדערשאצט? אפילו שוין נאָך דעם, ווי מ'האָט א דריטל פון אונדזער פאָלק און דווקא דעם טייל, וואָס האָט געלעבט, געערדט, געשאפן, געזונגען יידיש — פארטיליקט, ווערט דער כוח און נאציאָנאלער באדייט פון יידיש פאר אונדזער אויפ־האלט נאָך אלץ נישט אָפּגעשאצט.

## י. האַרן

ווו נעמט מען אַזאַ מאָס, כדי צו קענען אויסמעסטן דעם גרויסן נאַציאָנאַל־גייסטיקן שעפערישן כוח פון יידיש, סיי אין משך פון יאָר־הונדערטער און סיי אין אונדזער היינט, אינעם יידישן לעבן אין דער גאַרער וועלט?

יידיש לעבן אין פוילן.

פאַרשניטן יידיש לעבן אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך, ווו יידישע קינסטלער פון דער גאַרער וועלט פלעגן זיך קומען אָנוואַרימען און אין אַלע ווינקעלעך, אין די פאַרוואָרפנסטע ערטער, זענען געוואַקסן יידישע שרייבער, רעדנער, אַרטיסטן, כלל־טוער, רבנים, פּאַרטייער, זינ־גער, מאָלער און לערער.

יידישע לערער.

איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי דער לערער פון אונדזער יידישער שול האָט אָנגעצונדן אַ ליבשאַפט ביי די תלמידים און תלמידות צו יידישער ליטעראַטור, און ווי נאָענט און אינטים עס איז יעדן פון אונדז געוואָרן יידישע פּאָעזיע. מיר, די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די יידישע שולן האָבן מיט צעפּלאַמטער פאַרליבטקייט געחזרט אויף אויסנווייניק לידער פון י. ל. פּרץ, מאָרים ראָזענפעלד, אברהם רייזין, יהואש, דוד איינהאָרן, ביאַליק, א. ליעסין, משה לייב האַלפּערן, ה. לייוויק א. א.

די יידיש־וועלטלעכע שול אין פוילן, וואָס האָט געעפנט טיר און טויער פאַר דער יידישער ליטעראַטור, האָט די פּאָעזיע, דאָס עכטע יידישע ליד נישט אַריינגעפירט, ווי אַ צוגאָב און דערפירט צו אַ דעקלאַמאַציע, וואָס מ'האָט אויסגעלערנט אַ קינד. דער יינגער יידישער דור אין פוילן האָט געצויגן דעם המשך פון אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברי־דער, וואָס האָבן אויף אַלע זייערע יום־טובים געזונגען און דעקלאַמירט לידער פון עדלשטאַט, באָוושאָווער, מאָרים ראָזנפעלד, א. רייזין, מ. פינ־טשעווסקי, א. ליעסין, ה. ד. נאָמבערג א. א.

איך זע איצט פאַר מיינע אויגן דעם אַלטן בערשטער אַרבעטער: יאַנקל באַקסענבוים, ווי ער פלעגט אויף דער „ליאַמע" אין ערשטן מאַי, דעקלאַמירן אויף אויסנווייניק לידער און פּאָעמעס, און „מאָטל באַלניק", דער פאָרזיצער פון בערשטער־אַרבעטער־פאַריין אין מיין געבוירן־שטאָט:

מעזוריטש, האָט געהאַלטן דעם „ארבעטער־דעקלאַמאַטאָר" און נאָכגע־קוקט, צי יאַנקל זאָגט אַלץ, „ווי עס שטייט אין ביכל".

וויפל פרייד און וויפל טרויער עס פאַרמאָגט דאָס יידישע ליד!

ווען יידישע רעוואָלוציאָנערן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, האָבן זיי אין זייערע אומעטיקסטע שעהן געזוכט טרייסט אין יידישן ליד. ווען ה. לייוויק איז געווען א געשמידטער אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט ער פיל מאָל געחזרט די פרייהייטס־לידער פון א. ליעסין.

ווען די יידישע אַרבעטער־יוגנט אין פוילן האָט געשטראַלט פון פרייד און געהאָפט צו דערגרייכן א יושרדיקן וועלט־סדר און א שיין לעבן, האָט זי תמיד מיטגענומען מיט זיך דאָס יידישע ליד. און אין דער יידי־שער וועלטלעכער שול אין פוילן, אין די מוחות און הערצער פון די תלמידים און תלמידות, האָט די יידישע פּאָעזיע, דאָס שיינע יידישע ליד געהאַט איר נעסט און איר וואַרימע היים. אַפילו אין די נאַצישע קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערס און אין די געטאָס האָט געלעבט דאָס יידישע ליד. נאָך מער: נאָענט ביי די ברען־אוויונס, אין די מיידאַנעקס, אָשוויענטשימס און טרעבלינקעס, האָבן פיל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער זיך גע־טרייסט מיט איבערחזרן שורות פון יידישע דיכטער.

און אויך נאָך דעם, ווי די דייטשן און זייערע מיטהעלפער, האָבן אומגעבראַכט מער ווי זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק, האָבן א טייל פון די לעבנגעבליבענע, אויסגעמאַטערטע, קראַנקע, פאַרפּייניקטע, הונגעריקע יידן זיך צוזאַמענגענומען און לויטן זכרון אויפגעשריבן לידער פון יידישע דיכטער און זיי דעקלאַמירט אויפן ערשטן יום־טוב פון באַפרייאונג.

אַזאַ כוח האָט דאָס יידישע ליד!

און ווילן מיר דערשפּירן דעם אָטעם פון אונדזער צייט און באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג פון גרויסן פאָלקס־בראָך אונדזערן, דערזען דעם וויסטן בלוטיקן צייט־אָפּשניט פון ערב און נאָך טרעבלינקע פאַר אונדזער פאָלק, לאָמיר לערנען דאָס יידישע ליד, די יידישע פּאָעזיע, פּונקט ווי מיר לער־נען יידישע געשיכטע.

בוענאָס איירעס, אָקטאָבער 1948.

# אינהאַלט:

